# SONGS OF A REFUGEE

By S. LONDYNSKI



S. LONDYNSKI
547 West 142nd Street,
New York, N. Y.

Printed by
GRENICH PRINTING CORP.
151 West 25th Street,
New York 1, N. Y.



# אַרײַנפֿיר

דאָס בוך לידער פֿון אַ פּליכטלינג דערשײַנט מיט דער איניציאַטיװ און קאָאָפּעראַציע פֿון „נעשאָנעל רעפּיודזשי סוירװיס" (נאַציאָנאַלע פּליכטלינג־דינסט), װאָס באַשעפֿטיקט זיך מיטן באַזאָרגן די ענינים פֿון די היגע פּליכטלינגע. זאָל דאָ פֿאַרצײכנט װערן מײַן טיפֿער דאַנק דער פֿאַרדינסטפֿולער אָרגאַניזאַציע. מײַן האַרציקן דאַנק אויך די קאָלעגן: דיכטער א. אַלמי, יצחק האָראָװיץ און א. ניסענזאָן, װעלכע האָבן געלייענט די לידער אין כּתב־יד און זײ װאַרעם רעקאָמענדירט דער „נעשאָנעל רעפּיודזשי סוירװיס".

אַ באַזונדערן דאַנק דעם האַרציקן קאָלעגע יצחק האָראָװיץ פֿאַר העלפֿן אין דער טעכנישער צוזאַמענשטעלונג פֿון דעם בוך, װי בכּלל פֿאַר די פֿרײַנדלעכע קאָלעגיאַלע עצות בנוגע דער אויסגאַבע.

די לידער זײַנען, סרוב, שטימונגען און בילדער פֿון סיטואַציעס און געשעענישן, װאָס איך האָב, צוזאַמען מיט מײַן פֿאַמיליע — מײַן פֿרוי און מײַנע צװײ טעכטערלעך — איבערגעלעבט. זײ פֿאַלן, מסתּמא, צוזאַמען מיט די שטימונגען און איבערלעבונגען פֿון אַ סך אַנדערע טויזנטער פּליכטלינגע, װאָס האָבן מיטגעמאַכט דעם זעלבן װאָגל־װעג דורך אַ צענדליק לענדער: פּוילן, סאָװעט־רוסלאַנד, טערקײַ, סיריע, פּאַלעסטינע, איראַק, איראַן, אינדיע, פֿראַנצײזישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס פֿון איסט־אַפֿריקע, דרום־אַפֿריקע, דרום אַטלאַנטיק, און פֿריער — פֿראַנקרײַך. מיר האָבן אין פֿאַרלויף פֿון די דרײַ יאָר װאָגלעניש אומעטום געטראָפֿן פּליטים־קאָלאָניעס, באַקאַנטע, סרוב פּוילישע ייִדן. אויסגעהערט זײערע איבערלעבונגען, מיט זײ מיטגעלעבט. ניִשט איין טרער פֿון זײערע ליכטיקע אויגן האָט, מסתּמא, אַרײַנגעטריפֿט אין די לידער פֿון דעם בוך.

אײגנטלעך, האָט פּאָעזיע איר אײגענע װירקלעכקײט. דאָס איז אָבער געזאָגט געװאָרן נאָר אויף צײַטן, װאָס פֿליסן אין זײערע נאָרמאַלע גרעניצן. אין אַזעלכע קאַטאַסטראָפֿאַלע טעג װי אונדזערע, װען חורבן פֿאַרשטאָפּט געשיכטלעכע קװאַלן, שרײַבט פּאָעזיע — געשיכטע...

די לידער װעגן װאַרשע און פֿון די פּוילישע שליאַכן, געהערן סרוב צו סעפּטעמבער 1939, װען היטלערס האַרמאַטן זײַנען, װי מיט אַ כּיװן, געװען אָנגעשטעלט אויף די ייִדישע געגנטן . . . דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט דער נאַכט פֿון זעקסטן אויפֿן זיבעטן סעפּטעמבער 1939, װען אַלע אײַנװאױנער פֿון װאַרשע זײַנען אויפֿגעװעקט געװאָרן: — נעם אַ רידעל און קום... בויען באַריקאַדן, און נאָכדעם האָט אַ ראַדיאָ־באַפֿעל געהייסן די אַרבעטספֿעאיקע באַפֿעלקערונג פֿאַרלאָזן די שטאָט... און דאָס בוך װערט אָפּגעשלאָסן אין חול המועד פּסח פֿון יאָר 1945, װען די באַפֿעלקערונג פֿון סרוב דײַטשישע שטעט װערט געװעקט: — נעם אַ רידעל און קום... בויען באַריקאַדן: די פֿראָים רופֿן

זיך צו פאַרטיידיקן קעגן אונדז... דאָס איז אַ גרויסע נחמה, הגם נאָך נישט קיין נקמה.

די מענטשן אין בוך זײַנען, אחוץ אין די ביבלישע מאָטיוון, נישט קיין אויסגעטראַכטע. „דער קאָמענדאַנט" מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע זײַנען אומגעקומען, דער „פּידזשאַמע ייד" אָבער לעבט הײַנט אין ניו־יאָרק. די מאַמע, למשל, פון „גומל געבענטשט" לעבט אין אַ פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע. דאָס טעכטערל איז געראַטעוועט — אַ שיין, בלאָנד, אַכט־יאָריק מיידעלע. „עס איז מײַן פּאַס באַלייגט מיט ווידעס" שילדערט, אחוץ די שטימונגען פון אַ פליכטלינג, נאָך די געשעענישן פון וואַרשע, אַ פאַמיליע פון גענשע זעכצן, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. דאָס „לויפעניש" און דער ייד אין דער אכסניה זײַנען גענויע שילדערונגען, מיט קליינע שינויים פון זײַן אויסערלעכן אויסזען.

דער יידישער שריפטשטעלער און דיכטער אין אַמעריקע האָט זיך סימבאָליש דערהויבן צו די טראַדיציעס פון „זיידן" מ ע נ ד ע ל ע, ער איז געוואָרן אַ „מוכר־ספרים"! און נעמענדיק אויף זיך דעם דאָזיקן ביטערן גלות־וועג פול מיט נסיונות, טרעט דער יידישער דיכטער אַרײַן אין מדור פון געצוואונגענעם העראָאיזם. אַ זוניק לאַנד, הגם נישט קיין „גאָלדנס"...

דאָ נישט לאַנג, בעת אַ שוישפּילער האָט פאָרגעטראָגן אויפן ראַדיאָ מײַן ליד: „יזכור", בײַ וועלכן אַ סך צוהערער האָבן געוויינט, האָט אַ קאָמענטאַטאָר, גערירט, אַפּנים, פון דער שטימונג, אין שייכות מיט מײַן נאָמען געלאָזט פאַלן דאָס וואָרט: „ירמיהו". פאַרשידענע פרײַנד, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, באַגריסנדיק מיך טעלעפאָניש, האָבן דאָס וואָרט איבערגעחזרט. איך בין אָבער לחלוטין מסכּים מיט יענער מיינונג, וואָס איז נישט איינמאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע: „קיין ירמיה איז הײַנט נישטאָ!"

מען דאַרף דערבײַ צוגעבן, אַז ירמיה איז אויך אין זײַן צײַט — בעת ער איז געווען בלוט און פלייש — נישט געווען. מען האָט אים אין זײַן לאַנד און סביבה פאַרפאָלגט. ער האָט געמוזט ווערן אַ פליכטלינג... און בלויז אין משך פון שפּעטערע יאָרהונדערטער איז ער אַרויסגעוואַקסן ווי אַ גײַסטיקער ריז אויפן יידישן אבל־האָריזאָנט.

פאַראַן אַרום דעם קליינעם, פאַרבלוטיקטן, אײַנגעשרומפּענעם כּדור־הארץ אַ יידישער דיכטער־כּלל, דיכטער קאָלעקטיוו, וואָס טראָגט אין זיך, מינדעסטנס, דעם ירמיהו־גורל. זײַן סביבה טײַטלט אויף אים מיט די פינגער: „משוגע איש הרוח", אָדער ווי פרײַנד לייוויק האָט עס דאָ נישט לאַנג אויסגעדריקט אין אַ ליד: „דײַן שפּראַך איז טויט, דײַן ליד פאַרגייט", ער איז אַפילו אין זײַן היימלאַנד כּמעט אַ פליכטלינג...

נישטאָ הײַנט קיין יחיד־ירמיה! אָבער אַלע יידישע שריפטשטעלער און דיכטער האָבן אַ חלק אין גרויסן, אַלוועלטלעכן, נישט־אָרגאַניזירטן ירמיה־קאָלעקטיוו, אין „איכה?" פון אונדזער קאַשמאַרן־צײַט, וואָס דאַרף נאָך געלײַטערט ווערן אין היסטאָרישן געוויסן פון אונדזער פאָלק.

ניו־יאָרק, אַפּריל, 1945.

ש. י. ל.

## וואָס זײַנען ...

וואָס זײַנען דײַנע ליידן,
לגבי די ליידן פֿון געטאָ ?
וואָס זײַנען דײַנע געפילן,
לגבי די געפילן פון געטאָ ?
וואָס איז דאָס גאַנצע וויסן דײַנס,
לגבי דעם וויסן פון געטאָ ?
און וואָס באַטײַט דײַן אומוויסן,
לגבי דעם אומוויסן פון געטאָ ?

איך האָב דיך נאָך אַמאָל איבערגעגעבן אין מגושמדיקע, האַריקע הענט,
אין געשטאַלט פון אַ פאַרברענט בוך,
און לייענען מוז מען דיך אין הייליקע אַשן —

זונען, לבנות, שטערן, אַצעאַנען, קאָנטינענטן —
זיי אָטעמען דעם ריח פון בוך דעם פאַרברענטן.

און דער גאַנצער חי, און דער גאַנצער צמח
זיי זײַנען נישט בכּוח,
אַפֿילו אין גימטריאות און היראָגליפֿן,
מגלה צו זײַן דעם זין, דעם אומזיניק-טיפֿן,
וואָס איך האָב געשריבן אין רגעס פון צאָרנדיקן רעשן,
אין טאָג פון פאַטערלעכן פלוך ...

סימבאָלן,
פּראָטאָקאָלן,
שלוחים פֿון דאָרט,
פלעוועס אין ווינט,
פאַראײַנזאַמט — טויב און בלינד, —
לגבי יענעם וואָרט ! לגבי יענעם וואָרט !

## און דער וואָס האָט געזען...

און דער, וואָס האָט געזען, האָט גאָרנישט געזען,
און דער, וואָס האָט געהערט, האָט גאָרנישט געהערט.
און זיי דערציילן מיט טמא מײַלער,
און זיי זאָגן עדות, ווי די בר־מננם.

גלויבט נישט די הענט, וואָס האָבן געהאָלפן באַגראָבן מײַן פאָלק;
גלויבט נישט די פיס, וואָס האָבן געטרעטן אויף יענע קברים;
גלויבט נישט דאָס האַרץ, וואָס האָט נישט געפּלאַצט, פון יסורים;
גלויבט נישט דעם פחדן, וואָס איז אַנטלאָפן פון מײַנע נפטרים...

וואָס קען ער אײַך דערציילן מער, ווי דאָס, וואָס איך וויים?
און וואָס דאַרפט איר וויסן מער, ווי דאָס, וואָס איך היים?
ווילט נישט וויסן צופיל, זײַט נישט צופיל קלוג:
— „מעקט אָפּ דעם זכר פון עמלק" — און דאָס איז גענוג!

## און אַז איר וועט נישט וועלן...

און אַז איר וועט נישט וועלן,
און אַז איר וועט זײַן ר צ ו ן זיך אַנטקעגנשטעלן,
און איר וועט אים בעטן מיט צינגער צוגעקלעפּט צום גומען,
און איר וועט גראָבן פונדאַמענטן מיט אָפּגעדאַרטער רעכטער האַנט,
דאַן ווייסט: צו אײַערע פונדאַמענטן וועלן קיין ווענט נישט קומען,
און די געחלומטע הונדערט־שטאָקיגע בנינים וועלן זיך באַהאַלטן
פאַר זײַן בליק, דעם צאָרנדיק־צעשטראַלטן,
אין ווינטיק־געקאַמטע, גאָלדענע בערגלעך זאַמד...

## נעם אַ רידעל — און קום!

אַ האַסטיק קלינגען אין טעלעפאָן.
אַ הילכיק קלאַפּן אין טיר.
ווער וועקט עס מיך? וואָס וויל מען פון מיר
אין מיטן דער נאַכט?

— איך! — דער פלאַטער פון דײַן פאָן.

שנעל, שנעל — טו זיך אָן.
שנעל, שנעל — טו זיך אָן,
נישט געטראַכט!

נעם אַ רידעל — און קום!
נעם אַ העקל — און גיי!
וואוהין גורל רופט שטום,
וואוהין ס'טרײַבט אונדז דער ווײ...

דער שונא רינגלט אונדז אַרום,
דער שונא — אַרום אונדזער שטאָט
האָט אָנגעצונדן זײַן פײַערדיקע ראָד:
מיר זײַנען באַלאַגערט, באַוואַכט!

גאַסן, פּלעצער... צעגראָב!
גאָרטן... בלומען-אַליי...
ס'גרויען האָר פון דײַן קאָפּ
אין דעם קברים-טראַנשיי —

באַריקאַדן שטעל אויף!
רײַס די שטיינער פון ברוק.
שטעל אָפּ גאַסן-געלויף,
— הערסט — קאַנאָנען געהוק...

אַלע װעגן פֿאַרשטעל,
טיר און לאָדן פֿאַרקלאַפּ,
און צוגו לעצטן באַפֿעל
פֿאַרזאַמל דײַן שטאַב!

מיטן אורעלטן שפּרוך
אויפֿן פּוילישן װעג —
אין די שטערן נישט זוך,
אין די קבֿרים נישט פֿרעג.

נישט פֿאַר מענטשלעכן אויג,
נישט פֿאַר מענטשלעך געהער,
שטיל, פֿאַר אים זיך פֿאַרנויג,
קוש דעם מאַנטל אין טרער.

ס'איז זײַן פּנים פֿאַרהילט
און אין שװײַגן זײַן װאָרט.
און דער ציל, װאָס ער צילט,
װי אַ שיף אָן אַ באָרט!

און דער הימל איז בלײך
און דאָס גרײזעלע — גרין,
און דאָס האַרץ אַזױ װײך,
און עס װײנט, װײנט: — װאוהין?

נעם אַ רידעל -- און קום!
נעם אַ העקל — און גײ!
דעם יסוד פֿון יקום
קום צעגראָבן אין װײ...

## פֿאַרשאָטן

פֿאַרשאָטן אונטער ליים און ציגל
איר שמייכל — איר געקושטע האַנט,
פֿאַרברענט צוזאַמען מיט איר שפּיגל,
און טויט — צוזאַמען מיט איר לאַנד!

## מצבה־שמייכל

מצבה־שמייכל. קבֿרים־בלומען.
זיי טרייסטן אבֿלים אין טרויער.
דו ביסט אין פֿײַער אומגעקומען —
וואו רוט דײַן אַש, דער גרויער?

עס הערט דער ווינט נישט אויף צו קלאָגן,
געפּײַניקט פֿון געוויסן —
עס האָט דער ווינט דעם אַש פֿאַרטראָגן,
און וואָלקן האָט קריעה געריסן!

## עס הערן נישט אויף...

עס הערן נישט אויף די פֿייגל געטרײַע
די טרויער־מאַרשן צו זינגען.
זיי וואַרטן בחינם אַ טרויער־לוויה,
אַ „תּציל ממות" זאָל קלינגען...

עס בויגן די קעפּלעך בלומען נאַיִווע
און ווילן באַשיינען דײַן קבֿר,
באַגערן מיט מיר אָפּריכטן שבֿעה,
ווער קען מײַן שטומען וויי?.. ווער?

מצבה־שמייכל. קבֿרים־בלומען.
זיי טרייסטן אבֿלים אין טרויער.
דו ביסט אין פֿײַער אומגעקומען —
וואו רוט דער אַש, דער גרויער?

## אָן וואַסער...

און לײדיק שװײַגן װאַסער־רערן,
און אַלע קראַנען טרוקן כריפּען.
— װאַרשע, װי לאַנג װעסטו זיך װערן?
— אַזױ לאַנג װי איך װעל זשיפּען!

און אַלע הױפן ברונימס גראָבן,
מען גראָבט אין קעלערס, אין פּאָדװאַלן,
נישט אײנער װערט אין טיף באַגראָבן,
פֿאַרשאָטן אױפֿן ראַנד פֿון קװאַלן.

מען שטײט נאָך װאַסער אין די „רײען",
מען טײלט־זיך צו דעם שלוק פֿון גומען.
מען צעלױפֿט זיך אין „אַליאַרעס",
און װער װײסט װער צוריק װעט קומען?

פֿון געגנשע און פֿון זאַמענהאָפֿער,
פֿון דזשעלנע און פֿון שמאָלע מילע,
מען גײט מיט קראַמעסלעס אױף אַקסלען,
און לײדיקע עמערס טוען תּפֿילה:

— הלװאַי, די װײַסל בשלום דערגרײכן,
מען זאָל כאַטש קענען װאַסער שעפּן,
מען זאָל — רבונו של עולם! — זײַן זוכה,
אַביסעלע װאַסער אַהײם דערשלעפּן.

פאַרוואונדעטע — די וואונד צו וואַשן,
פאַרבלוטיקטע — אָרומצושווענקען,
פאַרחלשטע — דאָס האַרץ אַנטחיהן,
פאַר קינד — אַ טראָפּן טיי צום נאַשן...

מען גייט, ווי שאָטענס בײַ ווענט, צו סליחות.
מען דאַוונט מיט געפּלאַצטע ליפּן.
און יעדע רגע איז אַ נעילה,
די הערצער קלעמען זיך אין כליפּען.

מען לעבט אין קעלערס גרוי, צעבראָכן,
די אויגן לעשן זיך אָן טרערן,
געראַנגל מיטן טויט דרײַ וואָכן,
פאַרטויבט, פאַרשטומט — דעם הוק צו הערן.

מען לויפט, מען לויפט, ווי אין אַ מוראווי,
מיט קראָמיסלעס דורך רויך און פײַער,
סטאַזשינסקי אין ראַדיאָ רעדט... אַ נביא,
מען הערט... מען גיט דאָס האַרץ צושטײַער...

און ליידיק שווײַגן וואַסער־רערן,
און אַלע קראַנען טרוקן כריפּען.
— וואַרשע, ווי לאַנג וועסטו זיך וערן?
— אַזוי לאַנג ווי איך וועל זשיפּען!

## דאָס לויפעניש

די אויגן די מידע פון נעכט נישט דערשלאָפן
פאַררויטלט, מיט אָדערלעך בלוטיק־פאַרלאָפן.
געזאָלצענע ביטערקייט טריפט פון די ווייעס,
אַ חלשות זויגט אויס פון די ביינער דאָס חיות.

די שטוב איז קיין שטוב נישט, דאָס בעט איז קיין בעט נישט,
דאָס ליכט אין די שויבן פאַרקלעפּט,
מען עסט און מען עסט — און די זעט איז קיין זעט נישט,
און זעסט דאָך, מײַן פרײַנד, אַז מען לעבט!

ס׳איז יעדער געבונדן צו זײַנע עסקים,
און ווער קען זיך אָפּגעבן ו׳ק מיטן כּלל?
לפי ערך פאַרשטייט מען די רשי פּרקים,
למאַי יענער נפש בילט אויס די גאַל!

נאָר ווער זאָל זיך ריכטן?... אַך, ווער זאָל זיך ריכטן?
וואָלט אימיצער זאָגן... מען וואָלט אים פאַרלאַכט...
און פּלוצלינג — מען וועקט דיך: — גיי, טו דײַנע פליכטן:
נעם רידעל! נעם האַק!... און אין מיטן דערנאַכט...

## עס אײַלט זיך אַן עמך...

עס אײַלט זיך אַן עמך פון װאַרשע קיין פּראָגע.

פּאַראומערט, פאַרצװייפלט — מיט אויגן פול פּראַגע —
מיט קינדער אויף אָרעמס, מיט פּעק און װאַליזעס,
צעחושט און פאַרהאַװעט — אַ מאָדנע זריזות!
ציקליסטן מיט רוקזעק, ספּאָרטסמעניש, לויט מאָדע,
און פּוסגייער, טאַקסים, און זעלנער־פּאָדװאָדעס
מיט קליינװאַרג, מיט מעבל, מיט בעטגעװאַנטן...
און באַן־לײַט, און פּאָסט־לײַט און סוחרים, פאַבריקאַנטן
און שרײַבער, זשורנאַליסטן, לערער, פּראָפעסאָרן —
מיליאָנען װאַרשעװער קעפּ... איין קאָפּ געװאָרן!
פּראָלעטן, און פּריצים אין אויטאָס, װאָס גלאַנצן;
סטודענטן און סקאַוטן... ס׳גייט װאַרשע אינגאַנצן!

אַזוי אײַלט אַ סטאָדע אין טראַגישע רגעס,
װען ס׳האָט מיטן פּאַסטוך אַן אומגליק געטראָפן,
מען לויפט אין איין שרעק... און װאוהין? גיי, פרעג עס!
אַ ראָזער באַגינען. װאָס לאָזט אײַך נישט שלאָפן?

געדיכט גייט די מענגע. עס יאָגט זיך דער עולם.
פאַרבײַ מלך זיגמונט, זײַן שװערט און זײַן צלם.
עס הענגען אין טונקעלע טורעמס די גלאָקן,
װי בריסטן פון זקנות, װי ליידיקע זאָקן...

און אוממעכטיק שווייַגן די אַלטע סימבאָלן,
און אוממעכטיק שווייַגן די קונסט-קאָשציאָלן —

און אומעטיק, שווייַגנדיק, לער איז דער „זאַמעק"!

אַ לעמפּל אין פענצטער אין לעצטן, אין סאַמ׳ עק
געזעגנט דעם עולם מיט טרויריקן צאַנקען...
אַ צופעליק לעמפל — און וויפיל געדאַנקען!

עס פינקלט דאָס לעמפל, אַ ווייַטער נר תמיד,
אַ צאַנקנדער סימבאָל פון שרעק און פון אומעט...

מען שטופּט זיך צום אייַזערנעם בריק אין גרופּן.
מען קוועטשט זיך — די ווענט פון דעם בריק צו צעשטופּן,
עס קרעכצן די אייַזנס מיט זיפץ און מיט פראַגע:
— וואָס שטופּט זיך דער עולם פון ווארשע קיין פּראַגע?

עס ענטפערט אַ ראַדיאָ: — האַלאָ, האַלאָ!
און „פשעשעדל!"... דער בלוטיקער שונא איז דאָ...

ס׳האָט עמיץ אין בלויען אַ דונער פאַרלוירן,
עס עכאָ׳ט צום דונער דער רויש פון מאָטאָרן...

און איבער אונדז קייַקלען זיך סווישציען פון באָמבען:
— הו, הו, הו! הו, הו, הו! אַזאַ שנייַדנדיק טראָמבען...

אַ פחד אַ רגע אין הימל צו קוקן!

שפּאַרט איינער וואַליזע אויף צווייטנס רוקן.
מען טרעט זיך די פיס אָפּ, מען בעט זיך נישט איבער,
נישטאָ קיין „פשעפּראַשאַם!"... מען אייַלט זיך אין פיבער,
מען וואַרפט פּעק און זעק צו דער ווייַסל אַריבער,
אַנטקעגן די באָמבן — ווער קען זייַן אַ גיבור?

## אין מיטן הוהאַ...

אין מיטן הוהאַ פון אַ פּראַגער אַכסניה.

מען לייגט קוים די תּפילין. מען וויקלט רצועות.
מען נעמט קוים אין מויל צו דערהאַלטן דאָס חיות.

אַ טיכל אַ רויטס געקנוילט אויף געלע בלעטער
פון אַפּענעם תּניא.

ווי אויפגעוואַכט פון עפּעס אַ שאַרפן דריש,
שטייט אויף אַ גרויער, אַ מאַגערער ייִד פון טיש —

אַ ייִד מיט אַ קאַפּל, גאַרטל, קאַפּאָטע,
די שטיוול אויסגעשמירט אין בלאָטע
דאָס גוט יאָר ווייס אים וואו

בלויע אויגן. געלײַטערטע רו.

די האַנט אַרײַנגעקאַמט אין שמאָלער, גרויער באָרד,
און מיט גמרא ניגון אויסגעציקלט יעדעס וואָרט
און אַזוי געזאָגט:

— מען לויפט צופוס פון וואַרשע?
האָט אײַך אימיצער געיאָגט?
פאַרגעסן די תּוכחה־פּרשה...

יִידן לויפן, פאָרן,
אַנטלויפן פאַר זײַן צאָרן,
דערשרעקן זיך...
רחמנא לצלן,
אַן עראָפּלאַן!

אַ היטלער, אַ שמיטלער, וכדומה, נאָך העצער —
אַ נאָווינע אונדז אַ נבוכדנצר!

„אָנה אילך מרוחך?"

אויב, חלילה, דו ווילסט אויף אונדז נישט וואַכן —
אויב, חלילה, דו פאַרפירסט מיט אונדז משפּטים —

וואוהין אַנטלויפן פאַר דײַן אָטעם?

„ואנה מפּניך אברח?"

אַ דור, אַ פּחדון... אַ דור אַ לב רך...
דערשרעקט זיך פאַר ערזאַץ פון זײַנעם אַ דונער...

אַנטלויפסט פאַר א י ם... דײַן אייביקן געוואוינער!
אַנטלויפסט פאַר א י ם... דײַן אייביקן שומר!
חסר אמונה, חומר!

דו לויפסט מיט פּעק, מיט ווײַב, מיט קינד —
וואוהין זשע לויפסטו?

ווינט!

אז ע ר זאָל, חלילה, זײַן שטורעם צעפּאַליען,
איז יעדער בוים אַ תּליון!
איז יעדעם צווײַגל — רויט,
און יעדעם טײַכל — בלוט...
און יעדעם בלעטל פּאַטשט אין פּנים!

ייִדן, ייִדן, תּאמר, חלילה, אָן א י ם...

אז ער זאָל, חלילה, דערוועקן אין מענטשן די חיה,
די דברי הימים — איין לוויה,
ס׳פירט יעדער וועג צו איין
בית־עולם,
אז ער זאָל, חלילה, דערוועקן דעם גולם...

דער ייִד האָט אַ ריי בּ געטאָן האַנט אָן האַנט:
— אַי, אַי, אַי! אַי, אַי, אַי!
בעל כּרחך אתּה חי,
דו גײַסטיקער דלות...

און מיט ביידע הענט אַריבערגעוויקלט
איבערן קאָפּ אַ טלית!

# דער קאָמענדאַנט

(פּ. בימקאָ'ן)

(אַ מאַן אין אַ פּידזשאַמע שטעקט אַרויס אַ צעשויבערטן, באַפּעדערטן קאָפּ דורך אַן אָפן, שויבנלאָזן פענצטער, פון א צעקרימטער, צע-טרייסלטער וואַנט. דאָס געלבלעך-גרויע פירשטאָקיגע הויז איז צע-שאָסן, צעבויגן, אָבער נישט איינגעפאַלן. דער פּידזשאַמע-ייד קוקט אַרויס צום דאַך פון דערבייאיקן פינפשטאָקיגן הויז, וואָס שטייט נאָך גאווהדיק, גאַנץ, נישט גערירט. אויפן דאַך, אויפן לייטערל, שטייט אַ מאַן אין אַ קאסקע אויפן קאָפּ. אַ גאַז-מאַסקע באַמבלט זיך אים ביי דער רעכטער זייט. ער האַלט אַ האַק אין האַנט, גרייט אָנצו-הייבן האַקן, אין פאַל פון אַ שרפה. פון גאַס, פון יענער זייט הויף הערט זיך דאָס הילכיקע הוקן פון גרויסע קאַנאָנען. פון צייט צו צייט שפּאַרט אַרויס שוואַרצער פאָנטאַן רויך, וואָס פון זיין מיט רייסט זיך דורך פלאַם, געמישט מיט מענטשלעכע קולות: — שמע ישראל! און להבדיל: — אוי, יעזו!)

פּ י ד ז ש אַ מ ע - י י ד:

— שומר מה מלילה, שומר מה מליל?
פּאַניע קאָמענדאַנטשיע,
דערציילֹ!

ד ע ר  ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט:

— אין כל חדש. גאָרנישט געטראָפן,
לויט די אַלטע פילאָזאָפן...
נישטאָ קיין נייעס —
די רגעס שלעפן זיך ווי לוויות.

פ י ד ז ש א מ ע ־ י ִ י ד :

— אײַנגעװיקלט דעם קאָפּ אין קאָלדרע צו קענען שלאָפֿן.
נישט פּאַרטױבט צו װערן פֿון דעם װיסטן געהוק.
געהאַט װילדע חלומות!
איך כאַפּ זיך אױף, איך טו אַ קוק,
אַריבער מײַן בעט — איך בין שװער פֿאַרדעקט...
איך קריך אָפּער — אינגאַנצן אין פֿעדערן פֿאַרשטעקט.
דאָס בעטגעװאַנד צעשינדן. די קאָלדרע צעפּליקט —
די װענט אױסגעקרומט. אַרום — אַ רױטער שטױב,
װי אױסגעלופּטערט אַ רױטן פֿליגל,
אַ רױטער שטױב באַדעקט דעם שפּיגל...
ס'האָט אַלעמען פֿאַרטריבֿן — פֿון שטוב אַנטלאָפֿן!

(פּױזע, קוקט זיך אַרום):

— איך בין אַלײן אין שטוב געבליבֿן. לאָמיר האָפֿן!

(פּױזע):

— הערסט דעם: הו־הו־הו! הו־הו־הו!... ערגיץ אױפֿגעריסן.
די פּלבֿן, עפּעס אַ הײַזל צעבֿיסן.
כ'װאָלט זײַן אַ בעלן װיסן
װאו געטראָפֿן?
װאו?

ד ע ר  ק א ָ מ ע נ ד א נ ט :

— איך בעט דיך, לאָז מיך צו־רו...
נישטאָ קײן נײַעם.

די רגעס קריכן ווי לוויות.
די ווינטן ווי אבלים קלאָגן.
קדיש יתום נאָך צעסמאַליעטע ביימער!

(פויזע):

— אַ נו, פּרואוו אַ סעקונדע, זײַ אַ שומר —

פּידזשאַמע־ייִד:

— האָסט געפּילט? אַ ציטער אין די ווענט.
ווי דער גאַנצער פֿונדאַמענט, הינטן, זאָל זיך וויגן —
הו, הו, הו! הו, הו, הו! וויפיל וועלף וואָיען דעם ניגון?

(פויזע):

— אין די אויגן אַזוי געזאַלצן, ביטער...
דאָך... וואָס באַדײַטן די רויטע נעפּלען, דאָס רויטע מעל
אין דער לופט —
אַט־אַט־אַט... אַליאַרם רופט...

דער קאָמענדאַנט:

— איך פיל אין מײַנע ביינער דײַן ציטער,
דו ביסט אַ פּחדן, אַ געניטער!
אַפּנים קיינמאָל קיין זעלנער נישט געווען,
נישט געשמעקט קיין פּראָך.
ציטערט פאַר יעדן שאָרך,
און טראַכט בלויז פון זיך אַליין.

(פויזע):

— קיין פאַרוואונדעטע קיינמאָל נישט געטראָגן,
מיט קיין קאָלבע קיינעם נישט געשלאָגן,
אַזאַ מין גליק:
מיט אַ גלאַנציקער שטיק
אין קיינעמס האַרץ נישט געמאַכט קיין לעכער...

פּידזשאַמע־ייִד:

— נישט מײַנע גליקן!
אָבער איך פּיל די רויכן שטיקן.
די „שמעס" אַזוי נאָנט,
די שטימען אַזוי באַקאַנט,
טו אַ קוק, פון וועלכע דעכער?
וואו, וואו, וואו?

דער קאָמענדאַנט:

— דו, דו, דו — מײַן טײַערער,
פון שריפות, פון געשיכטלעכע פײַערן
וואָס ווייסטו?
און פון דעם אַלעם וואָס פאַרשטייסטו?

פּידזשאַמע־ייִד:

— דערין איז מיר גאָרנישט געלעגן...
עס נעמט מיך דורך אַ גרויל
דאָס נאָנט געהויל,
מײַן ליבער!

(פּויזע):

קוק, זײַ מוחל, צו יענעם הויז, דאָרט, אַריבער,
זײַ זיך מטריח,
פּרואוו דעם שכן פרעגן,
וואו האָט דאָס געטראָפן?

ד ע ר  ק אָ מ ע נ ד א נ ט:

— אין כּל חדש... גאָרנישט פּאַרלאָפן —
איך גלויב די אַלטע פילאָזאָפן...

(פּויזע):

— שוואַרצער רויך און רויטער פלאַם,
אַך, ווען מען קען דאָס פאַרפירן,
אָט די אַלטע, אייביקע קאָלירן,
איך געדענק די פאַרב און דעם טעם,
איך בין געשטאַנען צוגעבונדן די הענט
צו אַ סלופּ, אויף אַ הויכן שײַטער־הויפן
און בלויז דער קרײַץ האָט מיך געקענט אויסקויפן...
געדענקסטו ווי מיור האָבן זיך געפרעגלט בעת דער
א י נ ק װ י ז י צ י ע?

פּ י ד ז ש א מ ע ־ י י ד:

— אַ פײַנער וויץ... יע!
אָבער, לײַדער, נישט אין זײַן צײַט.
דײַן טאַטע, דער חסיד, האָט דיך געשיקט אין אַלטן חדר,
ביסטו דאָרט געבליבן... הער: ווער שרײַט?...

ד ע ר  ק אָ מ ע נ ד א נ ט:

— די נאָנט און די ווײַט,

ווער שרייט ?
דיין ווייט איז אזוי נאָנט,
זוכסט נאָר, וואָס דיר איז באַקאַנט,
דיין אויג קען פאַרדעקן דיין ברעם...
דו וואָלסט נאָר געוואַכט אויף דעם...
אָט־דאָ...
פאַר דיר ברענט איין שעה!
דו פאַרנעמסט נישט אין איין זיפץ דאָס זיפצן פון מיליאָנען,
אין איין טרער — די ימען טרערן,
איר זענט אזוי אָרעם,
אפילו די ווייטסטע שטערן
זיינען פאַר אייך קברים!
יאָ, מיין טייערער — ס׳ברענט גאַנץ נאָנט,
און אונטער יעדער עגאָאיסטישער הויט
פלאַמט דער טויט —

(פויזע):

— מען זיפצט, מען קרעכצט, מען קלאָגט, מען מאָנט,
פון מיר, פון דיר, פון גאַנצן רבונו של עולם,
פון אונדז אַלעמען... אָט האָסטו דאָס פינטל אויפן חולם!

(פויזע):

— נאָר דאָס האָט נישט דיין האַרץ צעבראָכן,
גלייכגילטיק צו אַלטע פיינען, אַלטע יאָכן,
דו זעסט נישט פאַרבלוטיקט דעם גלגל־החוזר,
פאַררויכערט, אין גרויען מאַרך געפּרעגלט מרכבהס מאָטאָרן,
פאַר דיר זיינען אויך ווי פאַר א י ם
יאָרטוויזנטער רגעס,
נאָר אין דיר זיינען די יאָרטויזנטער איינגעשרומפּן,

אין די מאָרך־זומפּן...
אין די בּלינדע חומר־געהירן,
ווי אַזוי? גיי, פּרוּוו עס...
דו, צלם אלהים!

פּידזשאַמע־ייִד:

— געננוג, ע?
איך מיין — דו ווערסט משוגע...

דער קאַמענדאַנט:

— אולי ירחם!... גאָט דערבּאַרם!

פּידזשאַמע־ייִד:

— הערסט דעם אַליאַרעם?

דער קאַמענדאַנט:

— אַ לאַנגער, שמאָלער הילף־רוף, ווי דער רוף פון אַ שוואַנגערער פרוי,
און קיינער קומט נישט אײַנשטילן, פּוילן, דײַן אוי!
און די פרײַנט, די דאָקטוירים —
על תבטחו בּנדיבים... די, וואָס איר פאַלט פאַר זיי קורעים,
זיי האָבּן אַזעלכע קופּערנע נערוון,
זיי וואַרטן בּיז צו זיי וועלן קומען די סטערווועס,
די בּלאָנדע בּעסטיעס!
אָ, אַזאַ געדולד, מיר ווייסן נישט מיט וואָס מען עסט עס,
מיט וועלכער מאָס מען מעסט עס...

דער פּידזשאַמע-ייִד:

— פּאַניע קאָמענדאַנטשיע! נישט קיין צײַט אויף פילאָזאָפיע —
איבער אַלע אידייען מאַכט אַ שטריך, אַן אַפּאָסטראָף... יע!
דער הילך.. דער סווישטש.. די מאַטאָרן.. די באָמבן.

דער קאָמענדאַנט:
(ווי ממשיכזײַענדיק דעם פּידזשאַמע-יידנס געדאַנק)

— געבאָרן
אין די טיפע, פינצטערע קאַטאַקאָמבן
פון מענטשנס געהירן
און איבער די חורבות פון דער וועלט צו שפּאַצירן
און די אויפגעבלאָזענע... (ענערגיש): — נישטאָ קיין נײַעם!
די הײַזער פאַרגייען אין רויך און קרעכץ, ווי ערב-יום-טוב׳דיקע לוויות,
שנעל, שנעל — פאַרשיטן, באַגראָבן,
באַהאַלטן פון די ראָבן...
און וואָס ווילסטו, בן אָדם, נאָך פון מיר האָבן?

פּידזשאַמע-ייִד:

— עס רײַסט דעם מוח דאָס הילכיקע הוקן...

דער קאָמענדאַנט:

— איך בלײַב אויף מײַן פּאָסטן... מוז וואַכן און קוקן...
אָט... דאָס הויז, אונטער מײַנע טריט,
מיר אָנפאַרטרויט — איך היט!
עס זאָל נישט טרעפן קיין אומגליק, חלילה —
ווילסטו? לאָמיר זאָגן תהילים,
דעם אוראַלטן ניגון, אין זיך דערפּיל אים,
וועמען שאַדט אַ תפילה — ?

פ י ד ז ש א מ ע ־ י י ד:

— אזוי גאַר, אין מיטן דרינען — פּרום!
ניין, טײַערער, דאָס טויג נישט,
ביסט מיר שוין אוים וועכטער, אוים קאָמענדאַנט,
דו האָסט שוין קיין אויג נישט —
פאַרקוקט זיך אַהין... פאַרגעסן דאָס... אָ־אָ־אָ.. לאַנד!
דו ביסט מיר שוין שיכּור פון בארימטן אַפּיום!

(פּויזע. מיט פלוצלינגער חוצפּה):

— עי, וועכטער, וואָס מאַכט מײַן קראָם —
זע־נאָר דעם רויך־שטראָם,
נישט אַמאָל בײַ מיר?
אַ שכן בעט זיך בײַ דיר —
און דו — גאָרנישט,
נישט בעסער פאַר זיי —
אויף קיין האָר נישט!
דו פילסט בלויז געמאַכטן, אויסגעטראַכטן ווײ!

(פּויזע):

— ניין! אָן שפּאַס,
זע, ברודער, דאָרט, אויף יענער זײַט גאַס,
נעם, טו זיך אָן אַ גבורה...
זאָג אָן אַ גוטע בשורה!

ד ע ר ק אָ מ ע נ ד א נ ט:

— אַ גוטע בשורה — פון דײַן קראָם,
און מײַנע האָט שוין פאַרשלונגען דער תּהום...

פ י ד ז ש אַ מ ע ־ י י ד :

— וואָס, טאַקע ?

ד ע ר ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט :

— אַ קראָם האָב איך אַ מכּה,
אָבער קרעמעלעך האָב איך אַ סך,
און איך היט זייער דאָך,
און איך דין זיי געטריַי,
יאָ, היטן איז כּדאַי,
קראָם — שמאָם... דער עיקר,
פאַרזיכטיק מיטן אוראַלטן ליקער,
איַינהיטן דעם אוראַלטן וויַין אין דער פאַרשמאָדערטער
פאַס,
דאָס איז גאָרנישט קיין שפּאַס, גאָרנישט קיין שפּאַס!

(פּויזע) :

— נעכטן געקויפט אַביסל מאַנופאַקטור,
מילאָ, דאָס ליגט שוין אין דער נאַטור,
„אים אין קמח״...
אָבער דאָך אַ למך,
זעסט דאָך — נייטיק באַדאַרפט,
דאָס פיַיער האַלט דעם צונג געשאַרפט...
אָבער ווער האָט עס איצט אין זינען,
מען ווערט אין די נעצן פון טויט אַזוי אַריַינגעשפּינען...
און ווער קען זיַינע געדאַנקען פון קאָפּ אַרויסשווענקען,
און זיך זאָגן — מער נישט דענקען!
און דוכט זיך — ס׳גייט צו נעילה,

עי, פרײַנד, טו אוים דײַן פּידזשאַמע,
און נעם זיך צום פּאַקן, במחילה,
דו קוקסט פאַרגאַפט, ווי זי וואָלט דיך איצט געהאַט,
דײַן מאַמע!

זעסט נישט ווי גאַנץ וואַרשע לויפט,
אין קאַשמאַרן פון פחד אַרומגעשלייפט
אַרומגעבונדן,
אין אַ גיהנום־קעסל, אונטערגעצונדן...

פּ י ד ז ש אַ מ ע ־ י י ִ ד:

— צו וויצן מוז אויך זײַן אַ גרעניץ...

ד ע ר ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט:

— פּידזשאַמע! דײַן וועלטל איז אַ גענוץ!

(פּויזע)

— טו זיך אָן, פּוליאַק,
שנעל, דעם רוקזאַק!
מיט אַלע גלײַך מקיים זײַ די באַפעלן,
מען הייסט לויפן — לויף,
אַנישט וועט דיר אַדאָלף אַזאַ מעשה דערציילן...
אַ שאָד די שכנטעס, דער הויף?
ווי לאַנג נאָך שטיין —

(פּויזע):

— קום אַרויף אַהער, זע: וואַרשע ווערט ליידיק, פאַרלאָזן,

די גדולים — אַנטלאָפֿן ווי די האָזן,
דאָס ביסל פֿאָלק, דאָס קליינוואַרג, פֿליט אויך ווי די פֿליגן,
גיי, טו אוים די זײַדענע שמאַטע,
נעם די מאַסקע פֿון קאָרט־און־וואַטע,
און אײַל זיך, שנעל, לויף מיטן שטראָם,
אַנישט...

פֿידזשאַמע־ייִד:

וואָס מאַכט מײַן קראָם ?
איך קען נישט לאָזן מײַן פֿאַרמעגן אויף הפֿקר, סתּם !

דער קאָמענדאַנט:

איך וואָלט דיר אַ זאָג געטאָן אַ גראַם,
אָבער, ווער ווייסט — אפֿשר וועט דײַן קראָם ניצל ווערן,
להיי די שטערן !
זיי ווערן ניצל פֿון יעדער געפֿאַר,
דאָך... עס ברענט... אַזאַ קאָמשאַר !
וואַרט, ברודערל, איך וועל זיך אַרויפֿדראַפּן אויפֿן קוימען,
איך וועל זען די גאַנצע שטאָט.

(שפּרייזט אויפֿן לייטערל העכער, שטעלט זיך בײַם קוימען, טוט אָן די גאַז־מאַסקע) :

אַי, אַי, אַי ! סאַראַ קאַראַהאַד !
אוף, אוף, או... אפֿילו נעראָ וואָלט אַזוי נישט טרוימען,
דער גזשיבאָוו ברענט, דאָס האַרץ אין די הענט,
די נאַלעווקעס שרפֿהן,
ווי עמיץ וואָלט עס מיט רויטע פֿעק זײַדנס פֿאַרוואָרפֿן...
און כמאַרעס ווי שוואַרצע פֿאַטשיילעס, ווי יענטעס,
הו, הו... די אַלייען אין רויטע לענטעס,
דאָס הויז פֿון מאַרעשאַל זעראָ,
דו, קליינער, געמיינער נעראָ,

ניִשט דײַן גאווה, נאָר דײַן פּחדנות
האָט אונדז אונטערגעצונדן,
דער ערשטער צום לויפן, צום פאַרשווינדן!
סאַראַ גיהנום, סאַראַ קנאַלן...

פּ י ד ז ש אַ מ ע־ י י ד:

— פּאַניע קאָמענדאַנטשיע! מיר פאַלן, מיר פאַלן, מיר פאַלן.

ד ע ר ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט

(פאַרריכט זיך די קאסקע אויפן קאָפּ. מיט אַ טאַפּ די גאַז־מאַסקע, און מיט אַ כאַפּ מיט ביידע הענט אין דער הויך דאָס העקל...):

— אָווא!... אַ רחמנות,
נישטאָ מער!
פאַרטרונקען אין אַלגעמיינעם יאָמער!
מי במים ומי באש,
אָרעם בלוט און פלייש!

(הינטער דעם קאָמענדאַנטס טריט אַ קראַך, ווי עס וואָלט פּלאַצן דער דאַך):

— שמע ישראל!... אחד!

(עס פּלאַצט דער דאַך אונטערן קאָמענדאַנט, ער פאַלט אין דער קרום, דאָס העקל פאַלט אַרויס פון האַנט, אַ כמאַרע אַרום. אַ לאַנגע קאַנאָנאַדע, מאַנאָטאָן: — הו, הו, הוק, הו, הוק... יידישע און קריסטלעכע קולות, ווי אָפּגעריבענע עכאָס: — א ח ד, אד, דא... און, להבדיל: — יעזוס, מאַריאַ, יאַ, יאַ... וואָס ווערן צעגויפּ־געגאָסן מיטן געהוק פון די קאַנאָנען. דאָס שיטן זיך און קרעכצן די הײַזער, וואָס בייגן זיך, פון אונטער אַ דורכזיכטיקן רויטן מעל־נעפּל. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ. הייבט זיך ביסלעכווײַז נאָך אַמאָל אויף. אַ פּובליקום זיצט שטיל, געפּלעפּט, מיט די געדאַנקען ווי צונויפגעהעפט, פאַרוואַנדלט זיך ביסלעכווײַז אין אַ טרויער־מיטינג, וואו אַ חזן זאָגט אל מלא. דער פאָרהאַנג פאַלט ביסלעכווייז.)

## עס וואַקלט אין לופט...

עס וואַקלט אין לופט אַ מאַשין... און — פֿאַלט.
די קעפּ שטעלן אונטער די ביימער אין וואַלד.

ס'איז אונדזער מאַשין. ס'איז אונדזער פּילאָט:
— זײַ מציל, אחד!

עס קניִען די וואָגלער אין זוים פֿון דעם שליאַך.
עס צלמט זיך זעלנער בײַם בריקל... די וואַך.

עס הייבן אויף ייִדן די אויגן צו גאָט:
— זיי מציל, אחד!

אַ הילך. שוואַרצע כמאַרע. עס פֿלאַקערט בענזין.
עס אײַלן זיך זעלנער מיט טראָג-ברעט אַהין...

אין נעצן פֿון פֿלאַמען ברענט פּנים... אַ, גאָט!
— זיי מציל, אחד!

# טעלעפאָן־געשפּרעך

איך האָב דיך גערופן. כ׳האָב טעלעפאָנירט.
און דו האָסט נישט מיטגיין געוואָלט.
געמיינט, אַז איך חוזק. געמיינט — ס׳איז אַ פלירט,
און שפּאַסיק געענטפערט מיר: — יאַלד!

— „ווי קען דאָס אַ פאָלק פון פערטהאַלבן מיליאָן
גיין וואָגלען פון אָרט צו אָרט?
איך ליב דעם פּרוכת און רויטע פאָן,
און מקום קדוש — און קאָרט!

ס׳פאַרעלטערטע מעבל. דעם מזרח, די ווענט.
די לופט פון דער געגנשע גאַס!
דעם רוך, דעם וויץ, דעם מאַך מיט די הענט,
מײַן היימלאַנד איז געגנשע... אָן שפּאַס!

אַט... פרייטאָג־צו־נאַכטס, דאָס גרייטן צום טיש,
די לײַכטער, דאָס בענטשן ליכט!
דעם פינקל פון ווײַן. זײַן שמייכל צום פיש...
דערבײַ אויך דײַן ייִדיש געדיכט!

איך ליב דיך, דו ווייסט, ווי אַ ייִדישע פרוי,
כ׳ליב דיך און מײַן מאַן און די זין.
און דעם זאַקסישן גאָרטן — אַ פלירט, סתּם אַזוי —
מיט בוים, מיטן בלום, מיטן גרין...

די אַליי, וואָס אָטעמט מיט פרצעס גײַסט,
דאָרט פלאַטערט מיר זײַן פאַלערין.
דאָס אויג — ברוין־געלבלעך, די וואָנסע, וואָס בײַסט...
דאָס גיט אונדזער לעבן אַ זין!

וואָס ווילסטו, מײַן פרײַנד? וואוהין זאָל איך גיין?
זײַן אַ פּליכטלינג — צו אַלדע רוחות!
און וואָס מיט די נאַלעווקעס וועט געשעען
איז גענשע נישט גרעסערער יחוס!

(פּויזע):

ניין! וואַרט, איך וויל הערן, וואָס זאָגט מיר די דינסט.
ה־מ־מ־ם... פאַרבענקט זיך צום דאָרף.
פּירפּיסיקער אַדאָלף — ער ברילט און גרינזט,
אויך ער איז פאַר בענקעניש חרוב...

ער בענקט נאָך זײַן „גערינג"... די צויג איז נישטאָ.
אין טעלעפאָן — שווער צו דערציילן.
קענסט קומען צו אונדז, ס'איז די ריכטיקע שעה...
די שאָל פון קאַרטאָפל צו שיילן!

ס'איז היימישקייט, קינד מײַנס! קאַרטאָפל און בלום,
און פויער, און פעלדער גערוך.
און די דינסט מיט איר הונט... און דער גאַנצער אַרום —
אַ קנאַפּער יאָרטויזנט — דאָס בוך!

ס'איז כלה־סידור מיט העלפאַנט־ביין־טאַוולען,
גענלייזשטער, פײַן־גאָלדענער ראַנד.
יאָ, נאָר־וואָס געהאַלטן... נישטאָ גאָר קיין באַבלען —
ס'איז אַלץ אַזוי אונטער דער האַנט!

יאָ, ווייסטו? דאָס צימער — הערמעטיש פאַרקלעפּט,
חלילה, אַטאַקע פון גאַז...
ווער ווייסט צי ס'איז אמת? אַזאַ אַדאָלף לעבט?
דער אַליאַרעם איז דאָך נישט קיין שפּאַס!

אַט שטייען דאָ הענדלער, געשאַטנט, בײַ ווענט —
און האָבן קיינמאָל נישט קיין צײַט,
זיי פירן מסחרים מיט ליידיקע הענט,
מיט שטערנס געקנייטשטע... אָל ריַיט!

די פורן מיט מחורה! אַ באַל נאָך אַ באַל,
די שענסטע, מאָדערנסטע קאָלירן!
נישקשה, פאַרזאָרגט איז דער ייִדישער כּלל,
דער נצח וועט אונדז נישט פאַרפירן!

(פויזע):

— ס'איז טרויעריק דער גורל פון דײַטשישן ייִד,
און מיר זײַנען ייִדן מיט פאָלעם.
מיט כּשר און טריף, און פאַמיליע, וואָס בליט...
גיי פיר חתן-כּלה אין גלות!

דו קענסט דאָך זײַן כּלה, אַ מיידל אַ נחת!
אַ שמייכעלע — טעלערל גאָלד!
דער אויסשטייער גרייט, נו, ווײַבערשע לאַכעס!
מע... וואַרשעווער פרוי האָט עס האָלד!

דו אײַלסט זיך' אין וועג? פאַר געזונטינקערהייד!
פאַרגעס נישט צו שרײַבן אַ גרוס"...

און איך האָב דערפילט איר טרער אין די רייד,
ס'באַלייט מיך די טרער... און פאַרדרוס!

איך האָב דיך גערופן. כ'האָב טעלעפאָנירט.
און דו האָסט נישט מיטגיין געוואָלט.
געמיינט, אַז איך חוזק. געמיינט — ס'איז אַ פלירט!
און שפּאַסיק גערופן מיך: — יאָלד!

## שטיל וויגן זיך . . .

שטיל וויגן זיך סאָסנעס. זים ציטערן נאָדלען
מיט גאָלדענע שמייכלען באַשטראַלט.
זיי וויגן זיך שיכּור פון אייגענע דופטן,
געגלעט פון די ווינטלעך אין וואַלד.

די סאָסנעס די הויכע, זיי בּרומען ניגונים,
וואָס ווערן צערינען אין שײַן.
עס וויגן זיך שאָטנס אויף ליכטיקע גראָזן
און וויגן אין דרימל מיך אײַן.

באַגילדעטע וואָלקנדלעך שוועבן אין בלויען,
אַ וואָלקנדל שווימט צו מיר צו.
אַ זילבערן בעטל. אַ פּורפּורנע קישן.
דו דרימעלסט ? דו חלומסט ? דו, דו !

עס פאַליען די האָר זיך ווי גאָלדענע וועגן,
דײַן שטערן אַ ראָזקייט באַגלאַנצט,
און צווישן די בּרעמען, אין זײַד־וועב פון בּרעמען,
אַ זילבערן פײַערל טאַנצט.

עס ציטערט אַרום דײַנע מאַרגנרויט־ליפּן
דאָס שמייכעלע — האָניק און חן,
און איבער די בּריסטן, די עפּעלעך־בּריסטן,
באַגילדעטע ווינטעלעך וויי'ן.

אַ שטראָם פון מתיקות ! איך פאַל אויף די קני'ען,
באַריר מיט די ליפּן דײַן חן — — —
און נעלם דאָס בעטל. די וואָלקן צערינען.
איך בלײַב מיט די סאָסנעס אַליין !

# איך זוך...

איך זוך דײַן נאָמען אין דער ראָזער טונקעלקייט פון וואַלד.
צעטראָגט דעם קלאַנג דער ווינט.
און דער עכאָ פאַלט
און זוכט ווי בלינד
און רירט נישט אָן דײַן אויער און רירט נישט אָן
דײַן האַרץ.
די ראָזע שאָטנס ווערן גרויער און די גרינקייט
פון געקנוילטע צווײַגן — שוואַרץ!
און בלויז די אײַנזאַמע בעריאָזע ליכטיק ברומט:
— זי קומט, זי קומט!

און צווישן שאָטנדיקע ביימער בלאַנקע איך אַליין.
און דאָ און דאָרט פאַלט נאָך אַ לעצטער שײַן.
איך גיי אין האַלב-באַוואַקסענע שטעגן.
און יעדעס גרעזל הער איך אויף מײַן אומעט פרעגן,
און יעדעס בלימעלע זע איך זיך פאַרנויגן,
און יעדעס טויעלע — מיר קוקן אין די אויגן.

## קוים באַרירט...

קוים באַרירט מיט ליפּן,
קוים פאַרזוכט דעם ווייַן —
זיסע, באַלויכטענע פינגער,
בלויער אָוונט־שייַן.

קוים באַרירט מיט ליפּן,
האַרץ, וואָס זוכסטו מער ?
דימענטלעך ליכטיקע פינקלען
פול מיט גליק — אין טרער !

## וואויל וויס איך...

וואויל ווייס איך וואו דיך צו געפינען,
וואו קיינער שטערט נישט מער דיַין רו.
וואו נישט פאַרבלוטיקטע פעלדער גרינען,
און זיכער איז דער ראַנדע־וואו.

דו ביסט אין חורבן אומגעקומען,
ווער ווייסט, וואָס אונטער מיר נאָך גייט ?
כ'וויל אויף דיַין קבר לייגן בלומען,
וואו האָט דער ווינט דאָס אַש צעווייט ?

וואויל ווייס איך, וואו דיך צו געפינען,
וואו קיינער שטערט נישט מער דיַין רו.
וואו זיסע שיַין באַלייַכט דעם זינען,
און זיכער איז דער ראַנדע־וואו.

## שוין לאַנג נישט...

שוין לאַנג נישט געהאַלטן קיין בּיכל אין האַנט.
רק פאַרחושט. רק פאַרטראַכט. רק אָן דיר זיך דערמאַנט.
רק פאַרטאָן אין פאַרגאַנגענע רגעס מיט דיר —
ס'איז מאָדנע מיט מיר!

אָפּט גיי איך געאָרעמט מיט דיר אויף בּולוואַר.
און נעם דיך אַרום... און בּלײַבּ שטיין ווי אַ נאַר...
איך קוק נאָך די טריט צי בּיסטו דאָס געווען?
כ'קען גאָר נישט פאַרשטיין!

אָפּט גיי איך אַזוי זיך — אין קינאָ מיט דיר.
געקויפט צוויי בּילעטן — פאַר דיר און פאַר מיר,
עס יאָגט דער עקראַן זײַנע בּילדער געשפּאַנט —
כ'זוך בּחינם דײַן האַנט.

## די זון מעג...

דו זון מעג אויפגיין. די זון מעג שטאַרבּן.
דאָס לעבּן האָט נישט מער דעם זעלבּן טעם.
דער הימל האָט נישט מער קיין יוגנט־פאַרבּן,
די רויטקייט האָט נישט מער דעם זעלבּן פלאַם.

דער בּוים מעג בּליִען. דער בּוים מעג שטאַרבּן.
די גרינקייט האָט נישט מער דעם זעלבּן טעם.
דער פרילינג האָט נישט מער קיין יוגנט־פאַרבּן,
עס האָט די רויז נישט מער דעם זעלבּן פלאַם.

איר מעגט מיך ליבּן. איר מעגט מיך האַסן.
עס האָט געפיל נישט מער דעם זעלבּן טעם.
די שענסטע לידער, וואָס איך וועל פאַרפאַסן,
די צײַט טרינקט אויס דעם קוש פון זייער גראַם!

## גלות

עס גליט אין זונענשײַן די גאָלדנע תּבֿואה,
און יעדע זאַנג באַשפּריצט מיט בלוט;
די יונגע בײמלעך, דרימלענדיק אין רוע,
און יעדעס צװײַגל טרוימט צו זײַן אַ רוט,
אַ רוט פֿאַר מײַנע אומשולדיקע שװעסטער־בּרידער.

איך שפּיר: עס דורשטן נאָך מײַן מאַרך די װאָרצלען,
די שטאַמען נאָך דעם בלוט פֿון מײַנע גלידער,
און יעדעס בלעטעלע װיל פּאַטשן מיך אין פּנים —
בּײמער תּלינים.

עס שטעכט מײַן בליק אַ יעדע גראָז,
און יעדער שאָטן װיל אין אומעט מיך פֿאַרװיקלען
און פֿאַרװיגן —
די נשמה אױסצװױגן
און דעם גלאַנץ פֿון מײַנע אױגן...
עס רופֿט אַ יעדער טרױער ניגון
אין בלױסטן מאָרגן אָפּצוריכטן חצות.

## פֿרעמדקײט

װעל איך אין פֿרעמדע לופֿטן אױסהױכן מײַן אָטעם?
אַ פֿרעמדע זאַנג באַשפּריצן מיט מײַן בלוט?
און טרעפֿט עס... פֿיר איך אױך מיט גאָט ניט קײן משפּטים
נאָר זיפֿן װעל איך דורך פֿאַרקריצטע צײן
אין יענער בלוטיקער מינוט:
אַ, פֿרעמדע תּבֿואה, פֿרעמדע ערד,
איר זענט מײַן בלוט נישט װערט.

## וואוהין?

וואוהין פירסטו ווידער מיך, גײַסט?
וואָס טרײַבסטו מיך ווידער צום וואַנדערן אַרויס
פון רואיקן הויז?

דאָס צימער אויסגעלופטערט, אויסגעווײַסט
די ווענט, זיי אָטמען פריש.
דער הויך פון שטיקער חלום שוועבט נאָך אויף מײַן בעט
און ציט מיט וואַרימקייט און גלעט...
און אָפן ליגט אַ ספר זיך פון טיש.

איך עפן פאַר דער ברייטער וועלט
די פענצטער פרײַ —
פון רחבותדיקן פעלד
אָטעמט גרינער ווינט פון מאַי...

אַלץ אַרום אַזוי ליב, אַזוי פריש, אַזוי גרין —
און איך — וואוהין?
צי האָסטו מיט פרעמדקייט מיך ווייניק געשפּײַזט?
וואוהין פירסטו ווידער מיך, גײַסט?

וואוהין?

## עס האָבן אונדז געיאָגט...

עס האָבן אונדז געיאָגט דעם שונאס עראָפּלאַנען
און נישט געקענט דעריאָגן אונדזערע שלעפּנדיקע טריט.
מיר האָבן אין בהלה נישט דעם נס פאַרשטאַנען:
דו גייסט מיט אונדז מיט.

אָפט זײַנען גרינע וועלדלעך מיט רויך, ווי שוואָם, פאַרוואָקסן
און כאַטעס בײַ די וועגן זיך רויכערן אין אַש.
צעשינדן ליגן פערד. און אויטאָס לער, פאַרלאָזן.
קאַנאָנען בילן ווײַט. אין בלוי — מאָטאָרן רעש.

גייסט נאָך אַ פור אין שטויב. אַ ווינטל ריח'ט בענזינע.
דו שפּירסט אַ טערפּקן אָטעם פון צעסמאַליעט פעל.
און פּנימער אונטער גראָז און צווייגלעך גרינע,
וואָס הוידן זיך אין זונשײַן בלענדנדיקן העל...

אָפט ווערן די שאָסייען ווי ביימער שוואַרץ, געהייבן —
און גריבער... אויסגעביסן, ווי פון משוגענע הינט.
און מיר, אונטער אַ בוימל — מיר זײַנען גאַנץ געבליבן:
איך, מײַן פלוניתטע, מײַן קינד.

דאָס בלויע קינדער-קליידל אין בלוט. אין געלע פּליאַמעס.
מײַן בלויע מאַרינאַרקע — איין שטויביקער בלוי-ווײַס.
דער לעצטער טאָג אין אלול — עס ברענט אַ זון פון תמוז...
בײַ ברונימס לער, אָן וואַסער, דערציילט מען טרויער-נײַס:

— נישט פאָר קיין בריסק — די וועגן מיט זעלנער פאַרנומען,
ס'איז שטרענג פאַרווערט אַרײַנפאָר אין דער שטאָט,
און וואו דו זאָלסט נישט פאָרן, און וואו דו זאָלסט נישט קומען,
וועסט אומעטום באַגעגענען עפּעס אַ פאַרבאָט...

בײַ אַ הילצן בריקל ... אין האַנט אַ ביקס, געלאָדן,
נערוועזיש שרײַט אַ זעלנער: — „פֿאָרן נישט דערלויבט!
מעג אײַער פֿורל זײַן מיט גענעראַלן געלאָדן"...
און קאָלבע איבער אונדזערע קעפּ זיך הייבט.

— „דאָ גייט דער וועג קיין שעדלעץ. דאָרט פֿירט ער קיין סעמיאַטיש.
איך גיב נישט קיין באַפֿעלן. קענסט פֿאָרן וואוהין דו ווילסט"...

— „יאָ זעלנערל, די שטעטלעך זײַנען מיר סימפּאַטיש,
נאָר שעדלעץ שטייט אין פֿײַער, און דו — דײַן חוב דערפֿילסט.
און דאָך ... דו זעסט: אַ פֿור געפּאַקט מיט קינדער, ווײַבער ...
און הונגער קוקט פֿון אויגן דעם דריטן זונפֿאַרגאַנג ...

איך בין קיין גענעראַל נישט. איך בין אַן אָרעמער שרײַבער.
און דײַן גורל, זעלנערל, ווי אונדזער — מאַכט אונדז באַנג ...

איך בעט פֿון דיר נישט, טײַערער, זאָלסט עובר זײַן די פֿליכטן.
דערפֿיל התחיבות, ברודערל, לגבי פּוילן און גאָט.
דאָך ... גרויס איז אונדזער אומגליק. און ווער וואָלט זיך דען ריכטן?
ווער ווייסט צי אין דער רגע איז גילטיק מענטשנס געבאָט?"

דער זעלנער איז די רגע געפּלעפֿט געפֿאַלן קניִען.
און פֿורמאַן האָט אַ פֿײַף געטון צו פֿערד.
עס קרעכצט דאָס הילצערן בריקל. צעהיצטע שקאַפֿעס פֿליִען.
און זעלנער קוקט און צלמט זיך און קושט די ערד ...

# אויף אַ פּוילישן שליאַך...

(אַ ברייטער פּוילישער שליאַך. געוועזענער שאָסיי. צעמאָלן אין הויכע טיפע זאַמדן. עס שטייען פורן מיט אויסגעשפּאַנטע פערד. די פורן זײַנען צוגעבונדן אין מיטן פעלד צו ביימער. די גראָזן — טיילוויַיז צעטרעטן, אין מיטן אָפּגעשניטן צו ווערן. עס גלאַנצן אין פעלד איבערגעלאָזענע סערפּן... אונטער די ביימער — פאַרשידענע גרופּן. עס זיצט אונטער איין דיקן קאַשטאַנבוים אַ גרופּע זעלנער מיט אַ גראַמאַפאָן. דער גראַמאַפאָן שפּילט: — „מי פּיערוושאַ בריגאַדאַ, שטשעלעצקאַ גראַמאַדאַ..." טייל זעלנער שיילן מיט הוימישע מעסער־לעך עפּל, באַרן, אַנדערע עסן ברויט מיט פעטס... מען ברומט אונטער די ווערטער עסנדיק.

אין נאָענטן ראָוו ליגן יידן. מען טוליעט זיך, אומגעדולדיקע. די קאַנאָנאַדע פון דער ווייַטן דערנענטערט זיך. אויפן שאָסיי קומט פּאַמעלעך אָן אַ מאָטאָריזירטער קליינער וואָגן מיט אַ דאָרפישער „הוימוואָך". מען האַלט פאַרעלטערטע ביקסן, מאַשין־געווער און מען קוקט אין די הימלען. פון דערוויַיטן הערט זיך אַ מאָטאָר־גערויש... עס הייבט אָן שטאַרקער צו בוכען מיט וויַיסע וואָלקנדלעך. די עראָ־פּלאַנען פון שונא באַוויַיזן זיך נענטער. כמעט איבער די ביימער... די זעלנער טוליען זיך נענטער צו די ביימער און טוען וויַיטער די זעלבע אַרבעט. אין נאָענטן דערפל באַוועגן זיך, בײַ ווענט פון כאַטעס, קריכנדיקע שאָטנס — רעשטלעך פון אַ צעשלאָגענער זעלנער־גרופּע. אויפן שוועל פון דער נאָענטער כאַטע קניען פּויערטעס, פּויערים, צלמען זיך. מען הערט זייער: „אוי, יעזו מאַריאַ..." און די יידן אין נאָענטן ראָוו בעטן... עס שטייט אויף אַ זעלנער און רופט צו אַ יידישער פאַמיליע, וואָס ליגט אין ראָוו צונויפגעקאָרטשעט):

— עי, גיי זיך פונאַנדער, פאַמיליע, נישט ליג צוזאַמען, איין בערגל... חלילה — איין שטיק זאָל פאַלן, שראַפּנעל... און טרעפן אין אײַך, זאָל גאַנצע פאַמיליע נישט אומקומען גלייַך...

(עס הייבט זיך אַרויס פון ראָוו אַ ווייַבערישער קאָפּ. אַ יידישע מאַמע, וואָס קען זיך נישט איַינהאַלטן, ליגנדיק. טוט אַ קוק ווער עס שרייַט, קוקט זיך איַין צו צוויי טעכטערלעך, וואָס ליגן אין קויט, צו איר געטוליעט, הייבט זי אָן צו קושן. לאַכט נערוועאיש... דער זעלנער רופט וויַיטער):

זיך קושן און לאַכן איז איצט נישט די צײַט...

עס הילכט איבער אונדז נאָך אין הימל... דער פײַט!

די אונדזערע אין וועלדל, דאָרט, פּײַערן גוט,

ס'איז דורשטיק די ערד נאָכן הינטישן בלוט!

(אַ טייל פון די זעלנער צלמען זיך. אין דער נאָנט פון ראָוו נישט ווײַט פון בוים, רײַסט אויף די ערד. אַ שוואַרצע חמאַרע ווי אַ בוים פון ערד פאַרדעקט דעם ראָוו. ווי צו באַשיצן די יידישע גרופּע. דער טאַטע אין ראָוו דעקט איבער די פאַמיליע מיט די אָרעמס און זאָגט מיט איר אין דער שטיל „שמע ישראל"; הייבט זיך אויף. שפּרינגט אַרויס פון ראָוו, לויפט צו צום זעלנער, טוט אים אַ קוש אין קאָפּ און זאָגט):

מיר האָבן אַלע איין לאַנד, עס פעלט אונדז איין שפּראַך.

מיר האָבן איין הימל — איין שוץ און איין דאַך,

מיר האָבן אַלע איין וועכטער, איין גרויסן גאָט,

מען דאַרף קעגן בעטן זײַן שטראַלענד געבאָט!

זאָגט מיט מיר, קינדער, די ייִדישע תּפילה,

ס'וועט אײַך קיין קויל נישט טרעפן... חלילה!

זאָגט נאָך די הייליקע ווערטער... כ'פאַרטײַטש,

און איר וועט באַזיגן דעם הינטישן דײַטש!

דער עיקר — דאָס לעצטע ווערטל... אחד!

דאָס הייסט אַז איר גלייבט אין איינציקן גאָט!

און נאָכדעם: ואָהבתּה לרעיך כּמוך...

איך ליב מײַנע ברידער, די ייִדן די בלייבע...

און לאָזט נישט די בלוטן פאַרפירן פון שנאה,

עס וועט אײַך באַשיצן זײַן מלאך, זײַן שכינה,

מען וועט אײַך באַשיצן דורך אײַער יעזון,

מען וועט אײַך באַשיצן... מען וועט אונדז דערלייזן!

(די זעלנער אין שרעק חזרן איבער די ווערטער, פריער אין לשון קודש און נאָכדעם אין פּויליש... דער ייד גייט, די הענט ווי אַ כּוהן. דאָס פּנים צו די זעלנער, אָבער צוריק, צום ראָוו, די הענט אויסגעשטרעקט. איבער אים, אין די ביימער, דונערט. ווײַסע בוכן פון וואָלקן. ער גייט אַרײַן אין ראָוו. נעמט צוריק אַרום די קינדער און זאָגט ווידער מיט זיי „שמע ישראל". די טעכטערלעך און די מאַמע

זאָגן נאָך. אַרום רײַסט כּסדר אויף בערג ערד און זאַמד געמישט מיט שוואַרצע חמאַרעס. די זעלנער שטעלן אָפּ דעם גראַמאָפאָן און חזרן איבער דעם יידנס ווערטער... ביסלעכווײַז ווערט דער אָנגריף פון די עראָפּלאַנען שטילער. אַרום הויז ליגן עטלעכע פויערים און פויערטעם... די זעלנער שטייען אויף, זוכן דעם ייִדן, זײַן פאַמיליע, וואָס איז ערגיץ נעלם געוואָרן. מען זוכט דעם פורמאַן. דאָס פורל. די פערד — אויך נעלם. איינער פון די זעלנער נעמט אַרויס פון בוזים-טאַש אַ פלעשל, אַ קעלישעק. איז מכבד די חברים. און זאָגט:
— לאָמיר, ברידער, טרינקען צום געזונט פון גאַנץ פוילן! — מען שטעלט צוריק אָן דעם גראַמאָפאָן. ער שפּילט ווידער: — „מי פיערוושאַ בריגאַדאַ. שטשעלעצקאַ גראָמאַדאַ...!”

(פאָרהאַנג)

## ווער קען פאַרגעסן?..

ווער קען דאָס ביטערניש פאַרגעסן?
דאָס ליגן בײַ שאָסיי אין ראָוון,
צו מיסטן, קויטן זיך צו פרעסן,
ווען איבער אונדז די שטאָלענע כּלבן,
צערייצטע, ווילד-משוגע, וואָיען
אין העלן טאָג, אין טיף, אין בלויען...

אַ שוואַרץ געדיכטער רויך. און פלאַמען.
מען שפּירט בענזין. דאָס פײַער שטורעמט.
מיר טוליען זיך אין ראָוו צוזאַמען,
ווי וואָרצלען פון איין בוים געאָרעמט.

און גלאָוניעס פליִען. מענטשן שפּרינגען
אין רויך... אין פענצטער... פון וואַגאָנעס.
עס קנאַקן הילכיק פײַער-צינגען
פאַרדורשטיקט, ווי נאָך לאַנגען תּענית!

אָט ליגט אַ פרוי... די אויגן אָפן.
און קאָפּ געהילט אין רויטן טיכל.
ווײַזט אוים, מיט קינד פון צוג אַנטלאָפן.
איין פיסל נאַקעט. איינס — אין שיכל!

אַ יִנגע פרוי... און גראָזן גרינען.
און צווײַגן וויגן אינם ווינט זיך.
פון רונדן מויל — די בלוטן כלינען.
און נעבן איר צעווײנט דאָס קינד זיך.

דאָס קליינע קעפּל קושן שטראַלן.
די הענטלעך טוקט עס אין די בלוטן.
און עכאָס, הילכן — שרעקן, קנאַלן...

און טויט און לעבן אויף מינוטן.

די מאַמע קנוילט אין האַנט דאָס פאַרטוך.
זי זוכט דעם קינד עפּעס צו געבן.
וואָס-זשע ליג איך? וואָס-זשע וואַרט איך?
עס קראַכט דער בוים און פאַלט דערנעבן!

עס טוט די ערד אַ בייזן ציטער,
ווי פון אַ צאָרן אויפגעזאָטן.
אַ שפּײַ מיט שמויב. אַ שוואַרץ געוויטער...
די מאַמע דאָרט... דאָס קינד... פאַרשאָטן.

— אל רחום וחנון! שטיל אײַן די סטיכיע,
מאַך גרינג די פריש-באַדעקטע קברים.
דו ווייסט: — מי ימות... דו ווייסט: — מי יחיה...
איך ליג אין ראָוו צעקנייטשטער וואָרעם!

און בלויע הימלען בליצן, קראַכן...
איך זוך אין מײַנע קינדער אָטעם.
איך בעט, אַז ער זאָל אויף זיי וואַכן
אין רוגזא־רגעס פון וועלט משפּטים...

„באַשיץ אונדז אין דעם ראָוו, דעם קרומען,
ווי דײַן וואָרעם אין פעלזן שטיין;
באַשירעם ווי אַ שטיין אַ שטומען,
וואָס האָט קיין טרער נישט, קיין געוויין."

„באַשירעם... למאי זאָל איך דיך לערנען?
כּל היקום טוט דײַן באַפעל.
אין די רגעס פון דײַן צערנען
ציטערט וואָרטלאָז יעדע זעל"...

און ווידער שטיל. אַרום אונדז גריבער.
און זאַמדן פרישע... דערפלעך ברענען...
ישובים פלאַקערן בציבור —
אַ נפקא מינה ווער זיי זײַנען?

# אידיליע

מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין דאָרף און קיין מוטער־
בן אָדם נישט געטראָפן.
די שטאַלן, די שײַערן — אָפן. די טירן און פענצטער — אָפן.
די פּויערים — בנערינו ובזקנינו — אַנטלאָפן.

אין ברעג פון דאָרף רויכערן זיך חורבות,
ווי פאַרלאָזטע רעשטלעך פון פּאַפּיראָסן.

באַזײַט פון צעריבענעם געלן שאָסיי, דאָ אַ בהמה, דאָרט
אַ פערד מיט בלוט און אינגעווייד פאַרגאָסן.

אין די כאַטעס שפּאַצירן ווינטלעך אַרום און טרייסלען
שטיקלעך האַלב־אָפּגעריסענע וואַנט־טאַפּעטן,
און ברעטלעך אין ליידיק־געלאָזענע הילצערנע בעטן.

אין אַ נישט־באַלויכטן ווינקל ציטערט פון שאָטן אַרויס
אַ צעשראָקן פּנים פון אַ „טשענסטאָכאָווער" מאַמען.
און דאָ און דאָרט טאַנצן שאָטנס ווי טונקעלע בילדער
אין ראַמען.

אַ ווינטל צעשראָקן טרויעריק גלעט
אַ ברייטן פּילסודסקי פּאָרטרעט
און מורמלט, אוודאי:
— מי פּיערוושאַ בריגאַדאַ!

אין דעם און יענעם אָפענעם פענצטער קוקט אַרײַן
אַביסל גרינע שײַן
פון אַ ברייטן, באַרואיקטן קאַשטאַן־בוים.
אַ גילדן הידוש־שמייכעלע ערגיץ אין אַ בלעטער־זוים.

אין די גערטנער די געוועזענע סטראַשידלעס האָבן גאָר אַ פּינצטער מזל,
ס'איז אַפּילו אַ גרויס ווייטיק,
אָבער קיינער האָט זיי נישט נייטיק:
— הפקר: גנב — גנבע, גזלן — גזל!...
און צווישן בלום און גראָז צעטרעטן
וואַלגערן זיי זיך, נעבעך, איבער די בייטן —
דאָ — אַ היטל. דאָרט — אַ פּאָר גרויע אַרבל. דאָ — צעריסענע הויזן,
אַריינגעקנאָטן אין ליים צוזאַמען מיט צעטרעטענע רויזן,
מיט טיטשקעס צעבראָכענע, שלימזלדיק געפאַלן...
נאָך נעכטן האָט מען די סטראַשידלעס נייטיק באַדאַרפן
און היינט — צעטרעטן, צעוואָרפן:

— שרעקט זיך נישט, פייגעלעך, בחינם,
דער מענטש האָט היינט זיין אייגן גיהנום!

און אַפילו פאַר די היימישע עופות איז אויך אַ גרויס מופת:
אַ גרויסער יום-טוב!
אָפן שטייט מכל טוב!

די הינער, די הענער, קאַטשקעס, גענדז שפּאַצירן זיך פראַנק און פריי
אין די גן-עדנס, די פאַרלאָזטע,
אין די בייטן באַגראָזטע,
וואו מען פלעגט זיי נישט לאָזן שטעלן די פיס,
אַך, ווי דאָס לעבן איז זיס!

מען שטעקט די שנאָבלען וואוהין מען וויל, צעפּיקן וואָס מען וויל,
נישטערן אומעטום מיט די געלע פיסלעך, נישט אַזוי דעם הונגער,
ווי דעם נייגיר צו שטילן!

אַ פרייע וועלט! אַלץ צום גראָבן, אַלץ צום שאַרן —
היינט זיינען מיר די האַרן!

נישטאָ מער קיין פּאַסטוך־ייִנגל, נישטאָ מער קיין פּאַסטוך־מיידל,
וויקל ברייט פונאַנדער די פליגל צוזאַמען מיטן באַפעדערטן ווײדל,
און קוואַקע, און קרייע, און קוואַקע,
און וואָס מיינסטו, בעל־הביתטע, טאַקע ?!
וועסט אונדז אייביק פאַרנאַרן מיט דײַן קיש, קיש, קיש!
אַ דאַנק פאַר די קרישקעס פון טיש!
די עופות לאָזן זיך מער נישט אין קיין פּאַסטימענטן פאַרשפּאַרן!
וואָרום, הפקר שטייען דערפער, עס האָט דער מענטש
זײַנע אייגענע קאָשמאַרן...

איך זוך מיט שאַרפע בליקן אין די שטויביקע צווײַגן
פון באַוואַקסענע עפּל־ביימער, אפשר
אַ געבליבענער עפּל?
אָבער מענטשן גייען און גייען און גייען,
און יעדער וויל דעם זעלבן גם דערזעען.

אַ קינד, אויף שפּיץ פינגער, פאַררײַסט אַרויף דאָס קעפּל —

אַ מיידעלע,
אַ בלוי־פאַרשטויבט קליידעלע
אין געלע פלאַמעס
און אין גרויסע שיך, אַפנים, דער מאַמעס,
אַרויפגעכאַפּט אין אײַלעניש, בײַנאַכט,
קוקט אַרויף, אַרויף, טיף אין בוים אַרײַן און לאַכט...

שוואַרצע, גלאַנציקע אייגעלעך,
ווי פלאַטערדיקע פייגעלעך,
רײַסן זיך פון נישט־צעקעמטן קעפּעלע
צו אַן עפּעלע!

און איך פיל איר פאַרבאָרגענע שרעק, דער גרויסער „ליטוואַק”
זאָל, חלילה,

נישט אויסכאַפּן די מציאה:

— קום, זאָג איך מיט אַ שמייכל, מיידעלע! שטעל זיך אויף מײַן
אַקסל, טרייסל די צווײַגן,
זאָלן זיי הײַנט נישט בלײַבן אַזוי אײַנגעטוליעט אין זייער שווײַגן,
זאָלן זיי אויך וויסן פון שווערע צײַטן...
דו האָסט, מיידעלע, אַזאַ שאַרפע ראיה,
דערזעען דאָס עפּלעל פון ווײַטן,
געהער עס צו דיר אינגאַנצן, אינגאַנצן!
איך וועל זוכן אַנדערע פלאַנצן,
אָט, אונטער דײַנע פיסעלעך גלאַנצן
רויטע פּאָמידאָרן...

און בּינו לבינו דערטראָגן זיך צו מײַנע אויערן טונקעלע עכאָס
פון ווײַטע מאָטאָרן.
יאָ, אין מיטן דערינען!
און הונדערטער, הונדערטער מענטשן־שאָטנס פון שליאַך,
וואַרפן זיך צו די הײַזלעך, פלויטן, ראָוון —
אַנטלויפן בלויז פאַרן רויש פון אַן עכאָ פון שטאָלענע היטלער־כלב'ן,
טייל ווילן אין שאָטן פון אַ עפּל־ביימל בלויז אַ שוץ געפינען...

און די שוויצנדיקע, ברוין־גלאַנציקע אויסגעשפּאַנטע פערד
פון אונדזער גרויסן גלות־וואָגן
הייבּן אָן מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד צו שלאָגן
און זיך צו דריגען...

אָט די זלידנע פליגן,
זיי ווילן אויך אַרויסווײַזן זייער גרויסן ווערט!

זיי זומען און זומען און זעצן זיך אויף די אָפענע צעמיליעטע וואונדן,
ווי די שליחים פון פײַנטלעכע „אונטערגרונדן"‏;

די בּידנע, אויסגעהונגערטע, אויסגעמאָרעטע פערד צו דערקוטשען,
ווי זיי וואָלטן זיך וויניק מיט אונדז אין גלות־וועג מוטשען...

זלידנע פליגן! רק געבּיסן, געבּיסן, געבּיסן —
רק געניסן, געניסן, געניסן --
נישטאָ גאָר קיין צער בּעלי חיים!

אָך, וואו נעמט מען פאַר די אָדלערם אַבּיסעלע מיים?
צו־שפּעט, טײַערינקע, געקומען. דאָס וואַסער איז אויסגעטרונקען,
דאָס שטיינדל איז אין בּרונים, ווי אין אַ שוואַרצע סמאָלע פאַרזונקען,
אפילו אָן אַ ווידערקלאַנג...

און פון הימל הילכן אַ ריי פײַנדלעכע מאָטאָרן געדרייט ווי אַ שלאַנג
און קומען נענטער, נענטער, נענטער
און דער רויטער האָריזאָנט ווערט רויטער, רויטער, צעבּרענטער...

און די זון גליט, גליט, גליט
און די בּלויקייט אין די אויגן בּריט, בּריט, בּריט
און אַלע גלידער זײַנען אַזוי מיד, מיד, מיד...

און מען ציט זיך אויס מיטן פּנים אַראָפּ, אונטערן בּוים,
אָך, אַזאַ פאַרקערטער, אומגלויבּלעכער טרוים,
ווען נישט דאָס הילכן פון מאָטאָרן אין רוים
און דער שוים אין מויל פון די פערד
וואָלסטו דאָך געוועזן איצט אַ גן־עדן, ערד!

## וואַסערן

א.

איך האָב געזען קלאַנגענדיקע וואַסערן.

עס טורעמען זיך וואַסערבערג
אין גרויקייטן
און יללהווען לויהדיק
ווי געפּאַנפּעט שמיעהדיק —
און בלאָזן זיך,
און שוימען זיך
און רײַסן זיך,
און בײַסן זיך
און שטורעמען —

צום ברעג, צום זאַמד, צום אָרעמען —
זיי קלאָגן אַזוי יאָמערלעך,

וואָס-זשע קלאָגן זיי?
דאָס ווייס איך נישט!

און טיף אין הארצן האָב איך מיטגעוויינט מיט זיי.

ב.

איך האָב געזען טאַנצענדיקע וואַסערן.

זיי דערהייבן זיך פון גלאַנציקע שפּיגלנעצן,
מיליאָנען מיילעכלעך
ווי זייפן-בלאָזן אין זונענשײַן,
מיליאָנען וועלעכלעך

טאַנצן שפּורע,
זיך וואַקלענדיק,
מיט שוימענצינגער קנאַקענדיק,
האָפּקען פרייילעך־הפקרדיק,
און פּאַליעווען
און שטורעמען.

צום בּרעג, צום זאַמד, צום אָרעמען —
זיי זינגען אַזוי וואונדערלעך,

וואָס די שמחה איז?
דאָס ווייס איך נישט!

און טיף אין האַרצן האָב איך מיטגעטאַנצט מיט זיי.

ג.

איך האָב געזען שטאַרבּנדיקע וואַסערן.

אין אַ בּעט אַ גאָלדענעם
צווישן פעלז גרינמאָכיקן,
בּאַשיצט פון ביימער אוראַלטע
וואָגלען שטילע טייכעלעך —
וואַסערלעך דורכזיכטיקע,
נשמהלעך געלײַטערטע —
זיי לײַכטן ווי בּריליאַנטעלעך,
די גוססנדיקע ווערעכלעך,
און פון ווײַטן שווימען זיי,
אַלטע ספרים רימען זיי,
פון פאַרצײַטן שמען זיי,

וואָס־זשע שטאַרבּן זיי?
דאָס ווייס איך נישט!

און טיף אין האַרצן שטאַרב איך מיט מיט זיי...

## למה רגשו...

למה רגשו גויים ולאומים יהגו ריק —
אַז אַלץ מוז אָפּגעווישט ווערן: צום תהו ובהו צוריק.

פאַרזאַמלט אײַך אַלע מלכים,
פּרעזידענטן, קומט אַהער!
צום קאַמף קעגן גאָט און משיח...

און ווער איז דער שטאַרקערער, ווער?

ער פּענטעט אײַך מיט זײַנע קייטן,
און ווער פון אײַך איז אַזוי דרײַסט,
איר אַלע, וואָס ליאַרעמט: — ננתקה!

דעם אייבערשטנס קייטן צערײַסט!

איר זעט נישט אין בלויקייט זײַן שמייכל.
איר קאָכט זיך אַזוי — און ער לאַכט.
ער חוזקט פון שאַרפסטן שכל:
פון סטענגעס, פון אָרדערס, פון מאַכט.

אָ, איר, וואָס איר ווילט אים נישט קענען!
האָט איר נישט זײַן צאָרן געהערט?
די פּאַרלאַמענטן ברענען,
און ס'פּאַכעט מעפיסטאָ אַ שווערד...

עס קומען אויף בלוטיקע „פּירער"
מיט גילאָטינעס און העק.
אַ ליאַדע צײַטונגס שמירער

וואַרפט אָן אויף מלכים אַ שרעק.

פּאַליִיען אין אַלערהאַנט סטילן,
דאָס איידלסטע אַרכיטעקטור,
עס ברעכן זיך וועגט פאַר זייַן ווילן,
עס פּלאַצט דייַן געזעץ, אָ, נאַטור!

ידבר אלימו באפּו...
און קעניגן ווערן געקעפּט,
און פּרעזידענטן אַנטלויפן...
— — — — — — — — —

## ואני נסכתי...

און איך האָב געזאַלבט מייַן קעניג
אויף ציונס הייליקן באַרג.
דעם מלך מלכי המלכים —
מייַן פעסטונג איז ער — און שטאַרק!

דערציילן — און ווער וועט מיר גלויבן?
ווער הערט וואָס אַ נביא רעדט?
עס פליִען די ווערטער ווי טויבן,
די ווערטער פון זייַן דעקרעט!

ער טוליעט מיך זיס צו זייַן האַרצן:
— „כ'האָב הייַנט דיך געבאָרן, מייַן זון!
דו, זאָג מיר, קינד, דייַנע פאַרלאַנגען,
און וואָס נאָר דו ווילסט, וועל איך טון!

פאַרלאַנג פאַר אַ נחלה די פעלקער
און זייער געשיכטע פאַרלאַנג,
איך וועל זיי פאַר דיר מאָדעלירן
און גליִען אין פייער מיט צוואַנג.

און פונקט ווי די ערדענע כּלים
די ווייכע אין טעפּערס האַנט,
אַזוי וועל איך זיי מאָדעלירן...
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

## דער וואָרצל...

דו ביסט דער וואָרצל פון מײַן איך.

יעדער קנייטש, יעדער שטריך,
יעדער פּײַנפולער בויג
פאַרן שונא אין צער,
יעדעס פינטל פון אויג
אין מינוט פון געפאַר,
יעדער שמערץ, יעדע וואונד
פאַרשטאַרקט נאָר דעם בונד
מיט דיר, מײַן האַר!

ס׳פאַרמאָגט נישט מײַן
צעבראָכענער גוף
קיין אַנדער רוף
ווי דעם נאָמען דײַן:
— אחד!

## דײַן קינד

איך בין דײַן קינד, דײַן קינד, דײַן קינד!

דײַן ברוסט האָט געאָטעמט מיט הייליקן ווינט:
מיט שטילקייט אין גראָז, מיט ברויזן פון ים,
מיט העלער אינטימקייט אין מאָרגן־פלאַם,
ווען דו האָסט געקנייטן דאָס הייפעלע ערד, —
געשאַפן די פאָרם, וואָס מיר איז באַשערט.

איך בין דײַן קינד, דײַן קינד, דײַן קינד!

אַן אפר ועפר, וואָס בליט און גרינט,
געקנייטן מיט בלויער, מיט הימלישער האַנט,
און נאָך האָריזאָנטן — פון מיר אומבאַקאַנט!

עס האָבן נאַיִווע מלאָכים געפרעגט:
— מה אנוש?... און אַנדערע טענות פאַרלעגט,
געשפּילט מיט די פליגל, פאַרשטעלט דיר די שײַן,
געוואָלט דײַן מחשבה מבלבל זײַן...

האָסט נישט פון מלאָכים די עצה געהערט
און ווײַטער געקנייטן דאָס הייפעלע ערד.

איך בין דײַן קינד, דײַן קינד, דײַן קינד!

דײַן ברוסט האָט געאָטעמט מיט הייליקן ווינט.
אין האַנט האָט דײַן דופק מיט זונען געשפּילט
ווען דו האָסט אַ נפש אין קערפּער געהילט.
אַ שטראַל־ליכט־נשמה אין קערפּערל ראָז,

געפאַנגען... אין תפיסה... פאַר װען און פאַרװאָס?
פאַרשפּינט אין די נעצן פון אָדער־און־בלוט,
און דו האָסט געשמייכלט: — כּי טוב... װי גוט!

איך בין דײַן קינד, דײַן קינד, דײַן קינד!

איך מײַסטער, װי דו — איך שאַף און דערפינד,
איך בױע פּאַלאַצן אין גאָלדענעם זאַמד,
איך קנעט אױס די פּופּן, װאָס װערן געסממט
אין ריח פון גאַזן — — — — — — — — — — — —

איך בין דײַן קינד, דײַן קינד, דײַן קינד!

כ'דערמאָן זיך די טעג — ס'האָט גן עדן געגרינט.
דו האָסט מיך געהוידעט אױף טאַטעשים קני,
געגלעט מיר דאָס קעפּל: — בּני, בּני!
„בני אתה, אני היום ילדתיך!"

הײַנט בין איך פאַרװאָגלט, פאַרטריבּן פון דיר,
מײַן אײנציקע עובדה איז שרײַבּן אַ שיר,
באַקלאָגן די ערד־זאַװיערוכע...

פון אַלעם באַשפּלט, באַשפּיגן, פאַרשװעכט.
און װאו זאָל איך, טאַטע, גײן זוכן מײַן רעכט?
— — — — — — — — —
אױף ערד, און אױף ים, און אין הימל!

## סתם...

איך פרעג זיך גלאַט אַזוי, סתם אַזוי —
ווער האָט אים געלערנט, דעם ימח שמו?

ווער האָט אים געגעבן דאָס מאַטעריאַל
און געלט אַ שלל
אָט דעם פינצטערן קאַפּאָראַל?...

פאַר אונדזערע אויגן געבאָרן, גרוים געוואָרן —
וואו זײַנען די ספּרענזשינעס פון זײַנע געהיימע מאָטאָרן?

ער האָט פאָרויסגעזאָגט אַ געטאָ
קלאָר, בולט, נעטאָ
אין די אויגן פון אַלע וועלט-רעטער:
מיר האָבן געלייענט אין די בלעטער
און אים פאַר משוגע געמאַכט,
געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט...

אַזאַ פינצטערע וועלט, פינצטערע נאַכט...

לאָז אַראָפּ די שטאָרן, אַראָפּ די שטאָרן —
ווער ווייסט ווער נאָך עס ווערט איצט געבאָרן!

## בחינם...

בחינם, בחינם די טרייסט רייד, נביאים!
פריצייטיק דער נחמו... נאָך אַלץ צו פרי אים,
די פּאָר טויזנט יאָר אָן באַגינען.
און איך בין געקומען צו וועקן און מאָנען,
געקומען מיט פרילינג און פלאַטער פון פאָנען,
מיט מוסקלען אין גלאַנץ פון מאַשינען...

און איך בין געקומען מיט נייעם וועטאָ,
געוואָלט מיט די אַקסלען צעשפּאַרן דאָס געטאָ,
געמיינט, אַז מײַן קראַפט וועט געניגן!
דעם תהילים פאַרביטן אויף לידער פון שטורעם,
דעם גאָט פון אַברהם — כ'אַנטפלעק אין נאַטור אים,
איך מוז מיט נאַטור־געזעץ זיגן!

און נאָך אַלע גליקן — לוויות מיליאָנען.
כאַטש גיי און צעשנייד אויף תכריכים די פאָנען,
פאַרוואַנדל דאָס בענטשליכט אין קללה.
פה נקבר — גירליאַנדן. בית־עלמינס, וואָס גרינען...
עס האָט די נאַטור אונדז אין טויטנעץ פאַרשפּינען,
איר פרילינג־געזאַנג — אַ יללה...

עס וואַיעט דער שטורעם. און קורץ איז דער אָטעם.
גיי, פיר מיט אים טויזנטער יאָרן משפּטים
און וואָס קומט אַרויס פון געווינען?
צי איך בין דער צדיק, צי ער איז גערעכטער?
למאי נפקא־מינה, אַ גוטער, אַ שלעכטער —
מיר זײַנען אין טויטנעץ פאַרשפּינען...

דאָס וואָרט איז נישט מײַנס, די טרער איז נישט מײַנע —
דאָס איז נאָך דעם אוראַלטן איובס אַ טענה
און ער איז געווען אַזאַ עושר,
אַ צדיק, אַ תּמים, אַ גאון, אַ פּאַקל...
און איך בין אַ ייִדישער דיכטער סך־הכּל,
ווי קומ איך צו טראַכטן פון יושר?

## יום־הדין

איך וואָרט נישט אָפּ דעם צענטן תּשרי־טאָג —
די מעשׂים וואויג איך תּמיד אויף אַ וואָג,
מחשבות שטעל איך תּמיד פאַר אַ דין —
עס משפּט שטרענג אַן אינערלעך: — „איך בין".

כּל־נדרי־ניגון קלינגט אין מײַן געדיכט,
און יעדער שטערן — אַ יום־כּפּור־ליכט.
און פאַסטן פאַסט איך יעדן אויגנבליק —
אַך, נהנה בין איך זעלטן פון אַ גליק.

איך קלאָג צוזאַמען מיטן ווינט: — „על חטא"
דער עכאָ יעדעס וואָרט צו גאָט באַגלייט —
נעילה ברענגט מיר יעדער זונפאַרגאַנג,
און שופר בלאָזט מײַן שמש, דער געדאַנק.

און גוטס און שלעכטס געוואויגן אויפן קווינט —
פאַרגעבן וועט מיר קיינמאָל נישט קיין זינד,
און שטראָפן שטראָפט מײַן חלום און מײַן וואָר,
און יעדע רגע הייבט זיך אָן מײַן יאָר.

## עס איז מײַן פּאַס . . .

**א.**

עס איז מײַן פּאַס באַלייגט מיט וויזעס —
אַ ציפּער־בלאַט פון טרויער־שטונדן.
מײַן הײַמלאַנד זײַנען די וואַליזעס
צעשאָטענע . . . מיט שטריק פאַרבונדן.

אַביסל לאַכעס, אַביסל ביכער,
און נישט פאַרענדיקטע כּתב־ידן.
און שטויב און דורשט . . . צו ענדיקן גיכער
דעם לאַנגן וועג, דעם נע־ונדן.

עס שטעכט דער בליק פון גרעניץ־וואַכן,
ווען פינגער לאַנגע נישטערן, זוכן . . .
און אין מיר אַלע נערוון קראַכן,
איך בין צו יעדן אומגליק מוכן!

**ב.**

— „פאַרוואָס האָסטו דײַן לאַנד פאַרלאָזן?
למאַי צו אונדז געקומען דווקא?
פראַגן — בריענדיקע גראָזן,
פראַגן — נאָגענדיקע פּיאַווקע!"

**ג.**

זאָל איך דעם זונטיק־טאָג דערמאָנען?
זאָל איך פון פרײַנטשאַפט זיי דערציילן?
געפלאַטערט האָבן פרײַנטלעך פאָנען —
די פאָן פון ענגלאַנד, פראַנקרײַך, פּוילן!

און די ראַדיאָס פֿריילעך רופֿן
די אַמבּאַסאַדאָרן צו באַגריסן.
מיר מאַרשירן בגילופֿן
אויף טויט און לעבן אַ בונט צו שליסן!

חסידים, ווײַבער, קורץ־געקליידטע,
מאַטשעיוווקעס, קאַפּעליושן, היטלען,
יוגנט. אַלטע לײַט מיט טיטלען.
— „צו נײַוועלט!" — פֿאַנען ברייט צעשפּרייטע...

און פֿריילעך יובלען די: — „ניעך זשיִעם!"
עס שטורעמט צאָרנדיק: — דער „פּרעטש!"
יאָ, אויסגיין וועט אים דאָרט דאָס חיות,
אַי, וועט ער דאָס כאַפּן — פּעטש!

אין שוואַרצן ראָק. אין האַנט — צילינדער.
ס'רעדט ענגלאַנדס פֿאָרשטייער צו פּוילן.
און ענגלאַנד שווערט בײַ אירע קינדער
אַ סוף צו מאַכן צו די גרוילן!

עס הידושן זיך בלויע הימלען
„אויסגעטריקנט הײַנט די באָשן"...
ווי ענגלאַנד וואָלט אין קינם בנים
די רציחה אויסגעלאָשן.

און פּוילנס מאַסן פּאַטשן: — „בראַוואָ!"
פֿון פּלאַץ, פֿון פֿענצטער, פֿון באַלקאָנען.
ס'מאַרשירן זעלנער דרײַסט, מיט גאווה...

זאָל איך דעם זונטיק־טאָג דערמאָנען?

ח.

ס׳איז פול מײַן אויער מיט אַליאַרמען,
מיט רויש פון שוואַבּישע עראָפּלאַנען.
מיט סווישציענדיקן אומדערבאַרמען:
— „האַלאָ!‟ — „האַלאָ!... אַנטלויף פון דאַנען...

איך טרעט אויף בּרוק פון אָנצינד־בּאָמבּן,
איך אָטעם רויך פון סם־ציגאַרן.
דורך שטעט און שטעטלעך קאַטאַקאָמבּן,
אַנגעשוואָלן פון קאָשמאַרן!

דורך שעדלעץ. דורך מעזריטש אין פײַער.
דורך ימען צעשראָקענע ייִדישע אויגן!
דורך פלאַם, וואָס פרעסט אָפּ אַלץ, וואָס טײַער...
דורך בּעט און שאַנק — אין רויך פאַרפלויגן!

דורך וועלדער הענט אין צער פאַרבּראָכן,
דורך שטומע יאוש־ליכט אין גרויען,
דורך רגעם לאַנג, ווי שבעה־וואָכן,
ווען ייִנגע, שוואַרצע קעפּ פאַרגרויען...

ז.

מײַן טריט בּאַלייט דײַן עכאָ, וואַרשע!
דער וואָי פון פײַנטלעכע מאָטאָרן.
דער אויפרײַס־הילך... די חורבּן־פּרשה,
די ווענט, צעטרייסלטע אין צאָרן.

הרוגים — בּערגלעך. טרויער־פּאָזן
פון בּר־מננס אויף טראָטואַרן.
און פערד צעשינדענע... פאַרלאָזן
אויף הפקר... חרוב די קאָשאַרן.

אַ ייִד... פֿאַרגליווערטע אויגן קוקן
אין צער אַריבער אַלע חושים.
פֿאַרזינק, אין דעם צער זיך טוקן,
און קני, און בויג דעם קאָפּ און קוש אים —

זע, פֿאַרהונגערט געבויגענע שאָטנס,
וואָס בײַסן שטיקער פֿלייש פֿון פֿערד.
און מיט אַ סמאַק פֿון פֿריש געבראָטנס,
און לעקן פֿײַכטקייט פֿון דער ערד.

און די פֿאַרדור'שטיקטע, אָן וואַסער,
מיט צינגער טרוקענע, ווי גומי;
אָדער, יענער ווילדער שפּאַסער,
וואָס טרינקט פֿאַר דורשט אַ פֿלאַש פּערפֿומע.

ער זופּט מיט צוגעמאַכטע אויגן
פֿון פֿלעשל — און דער גאָרגל ציטערט.
ווי ער וואָלט שטאַרקן ווײַן געזויגן,
און בלויז דאָס פּנים צוקט פֿאַרביטערט...

איך האָב מיט אים דעם ווײַן געטרונקען,
און פֿאַרגיפֿטיקט אַלע גלידער!
אין ווילדן משוגעת פֿאַרזונקען —
מיר דוכט: איך שרײַב משוגענע לידער!

ז.

איך שטיי פֿאַר גענשע „נומער זעכצן״.
די פֿרײַנט — פֿאַרשאָטענע, צעבראָכענע.
און אונטער לײַם און ציגל קרעכצן
צעסמאַליעטע ביינער, אומדערקענטע...

אַט קוקט אַרויס פון גרוז אַ הענטל:
— „טאַטע! ראַטעווע — איך לעב נאָך!...״
און דער טאַטע לויפט נאָך רידעל
און טרעט אויף לעבעדיקע קעפּ נאָך...

און בינו לבינו די מאַמע פאַרזונקען,
אַט... האַלב אין גרוז און האַלב אין פײַער...
שרײַט הוסטנדיק, מיט רויך פאַרטרונקען:
— „זײַ מציל, ראַטעווע, געטרײַער!״

און פײַער גריזשעט ווײַסע אָרעמס,
און פלאַמען זויגן מאַמע־בריסטן.
און גלאָווניעס דעקן צו די אויגן,
און ווינט לעשט אויס דעם לעצטן אָטעם!...

און טאַטע וואַרפט זיך אין די פלאַמען,
די האָר פון קאָפּ, די קליידער ברענען —
בחינם רופסטו: — „טאַטע!...״ „מאַמע!...״
נו, פּרואוו... די ביינדעלעך דערקענען!

ח.

איך בין פון הויז דער קאָמענדאַנט,
ס׳באַגלאַנצט מײַן קאָפּ אַ פײַער־קאַסקע.
און שטאָלץ, ווען צו מײַן רעכטער האַנט
צעבאָמבלט זיך די גאַז־מאַסקע...

איך בין אַ פילם פון גזר־דין בילדער,
אַ קויש סקעלעטן... קעלער־קברים...
אין שול — דער טראַגישער געפילדער:
— „עס ברענט דער אָרון... ס׳ברענען ספרים!״

## ט.

— „קרעוו נאַשאָן דלוגאָ לעיאָן קאַטי״ —
ווער זינגט?... ווער זינגט אין סווישטש פון באָמבן?
— „נאַדעידזשיע יעדען דזשיען זאַפּלאַטי״...
ווער זינגט?... דאָס זינגען קאַטאַקאָמבן!

— „אך, למה... למה רגשו גויים?
ווער בעט?... ווער בעט אין פלאַם, ביים עמוד?
וואָס האָט איר זיך צעשטורעמט, פראים?
אַ גאַנצע שול, ווי איין נר־תמיד...

איך בין דאָס אייביק ליד פון תהילים,
אין ווענט פון ברענענדיקן געטאָ,
איך בין אַ מורדים פלאַם... גיי, שטיל אים!
— איה אחיך — דאָס ערשטע ווערטאָ!

איך בין רויט־בלוטיקער: — פה נקבר!
אויף בערגלעך פריש־פאַרשאָטענע לעבנס —
אַ הילף־רוף: זינלאָז און נישט דרוקבאַר,
ווען קיינער וויל קיין האַנט נישט געבן!

## צי זענט איר טאַקע...

צי זענט איר טאַקע, פריַינט, נישטאָ מער?
ניין! מיר דוכט — איך בין משוגע.
און נישט באַרעכטיקט איז דער יאָמער —
ווי קאָן עס זײַן? אה?... אין פלוג... ע?

דער טויער. ליכטיק די לאַמטערן.
„גומער זעכצן" — כ'לייען בפרוש.
„אַ, ליבע פריַינדין! ווען דו וואָלסט הערן
די באָבע-מעשיות... אָן שום פרוש —

ס'איז אויסגעטראַכט פון ווילדע שונאים.
דו שוויַיגסט... טאָ וואָס באַטייט דײַן שוויַיגן?
ער זאָגט ביסט טויט... ער זאָגט — איך קאָן אים!
יאָ, קום, לאָמיר די טרעפּ אויפשטייגן,

אַי, וועל איך אים דאָס באַליינגן!
דו שונא ישראל... אַזעלכע בלבולים!
זיי פאַרשפּרייטן אויף אַלע וועגן
די שרעק-געשיכטן... מנובלים!

דו שוויַיגסט, שערי, — אַזאַ מין בלייכקייט,
עס ווייט מיט קעלט ווי פון אַ טויטן!
דײַן האַנט... דײַן אָרעם... אַ שאָטן-ווייכקייט!
הוּף, הוּף! עס ברענט... אַ פלאַם אַ רויטער!

עס ברענט דער טויער... די לאַמטערן...
דײַן הוט... דאָס פּנים... דײַנע קליידער —
עס ברענט די נאַכט! עס ברענען שטערן!
פּ ה נ ק ב ר - פלאַם... אַ וועלט-בית-עולם!

אָ, טויטע נאַכט! צו וואָס דערמאָנען
די שרעק־סעקונדן, מיר... דעם בלינדן?
אין דמיון פליגל איינצושפּאַנען,
און מיט אַ בייטש די הויט צו שינדן!

אָ, טויטע נאַכט! צינד אָן לאַמטערן,
דערלויב די ליבע האַנט צו קושן.
אָ, טויטע נאַכט! פאַרבּרען די שטערן,
די זכרונות, וואָס צעחושן.

צי זענט איר טאַקע, פריינט, נישטאָ מער?
אין וואַרשע –– היטלער... שריפה... הריגה ––
אוודאַי, נישט אמת!... און אפשר... תּאמר?
ניין! מיר דוכט –– איך בּין משוגע...

## עס שלאָפֿט מײַן וואָרט...

עס שלאָפֿט מײַן וואָרט, עס שווײַגט מײַן זאָג.
אײַנגעשלאָפֿן אַ נאָכמיטאָגדיקן שלאָף,
און שאַ — און שטיל — איך וואַרט און האָף.

ווײַל ערגיץ וואַקלט זיך אַ שטומע וואָג.

ווײַל פֿון אַלע שטימען פֿון דער ערד אַרום
איז בלויז מײַן שטים געלײמט און שטום
אין מיטן העלן טאָג, אין מיטן העלן טאָג.

און טויזנט פֿרעכע צינגער אויף איין שאָל.
און מײַנע שטילקייטן אויף אַ צווייטער.
זיי בדברן מײַן הײַנט און מײַן אַמאָל,
און איך ברייט אוים די שטילקייטן צעשפּרייטער
און ווײַטער און טיפֿער — אין זיבעטן בלויען...
צום בלויסטן קוואַל פֿון האַרציק פֿאַרטרויען.

עס שלאָפֿט מײַן וואָרט, עס שווײַגט מײַן זאָג.
ווײַל ערגיץ וואַקלט זיך אַ שטומע וואָג.

## מען האָט נישט דערקענט...

מען האָט נישט די מתים דערקענט.
אַ הילך... און עס שיטן זיך ווענט.
און אונטער די גרויזן דערשטיקט,
למאי נפקאַ-מינה — ווער ס'ליגט ?

אַ ברודער... אַ שוועסטער... הגם,
עס פרעגט נישט קיין יחוס דער פלאַם,
עס פרעגט נישט דער טויט קיין פּאַספּאָרט.

די שטיוול. די פּאה. די באָרד —
ווי מומיעס אין גרויקייטן שטום...

און ציגל און גלאָווניעס ארום.

און נאָמענלאָז ליגט אַ סקעלעט
אין אַש פון טהרה־ברעט.

## קינס בנים...

און נישט אַ פּעל אויף לענדן, נישט האָר אין ווינט צעפּלאָשעט,
אַנטלויפט ער אין מדבריות, געפּײַניקט פון געוויסן,
געיאָגט פון הבלם אויגן, פון בוראס: — איה אחיך?
געיאָגט פון ערד און הימל נאָך ערשטן בלוט פאַרגיסן...

די האַנט געשטרעקט אין לופטן, ער רופט צו דיר: — הײַל, קין!...
און ווי איז צו דײַן ענטפער, און ווי איז צו דײַן שווײַגן.
— דו פאַרפלוכטער הבל! קיין כוח נישט צו שרײַען?
— דו פאַרפלוכטער מורד! קענסט נישט שטיל פאַרבײַגיין?

דאָס פּנים זאַט-פאַררויטלט, די ציין פאַרקריצט אין רוגזא.
די אייגעלעך, די קעצישע, באַלעקן זיך אין גלאַנצן.
ווי נאָך אַ קופליע ביר, ווי נאָך אַ „האַרבסן מיט שינקן".
מאַרשירט צו דער רציחה ווי צום טאַנגאָ-טאַנצן.

און ס'הילכט אַ שאָט פון װענט... בנינים... בילדינגס קראַכן.
דער צעמענט, דער בעטאָן — ער זידט מיט צאָרן ממש.
עס וויקלען זיך ווי שלאַנגען די פלאַמען אין די רויכן,
און דאָס האַרץ דער ערדס צאַפּלט זיך דינאַמיש.

און מיליאָנען הענט פּאַטשן קינען: — בראַוואָ!
באַגריסן מיט התפּעלות ווילדע בערג הרוגים,
פאַרוואַנדלען אין רציחה די אינטימסטע תאווה,
צום רויבן און צום מאָרדן — נישטאָ גאָר קיין געגוג אים...

אַן אַלטע פאַרשאָלטענע זרע... דרעסירטע קינס בנים,
עס שרעקט זיי נישט דײַן אָטעם — רוח אלהים...
אין אַלע זיבן הימלען פּילאָטן מיט זײַן פּנים,
און טויזנט „ספּיקערס״ דרשהנען אין ראַדיאָ מיט זײַן שטים.

און ער איז רעאַליסטישער פון אַלטן סדום,
און אויסגערעכנטער פון גינוה און עמורה.
און שיפּן מער ווי קאַרטאַגאָ, און זעלנער מער ווי רוים,
און ווי נעראָ האָט ער נישט פאַר פלאָם קיין מורא.

אַ פאַרוואונדעטער הונט גריזשעט סטאַלינגראַד
אויף די חורבות פון זײַן האַמבורג און בערלין.
און גיהנום שרײַט: — הב, הב!... גיהנום ווערט נישט זאַט.
זײַן דורשט — אין קינס זרע, זײַן הונגער — אין קינס זין...

נישטאָ גאָר קיין אַנטלויפן. נישטאָ קיין אויסבאַהאַלטן.
פון פראַכנע איז די פעסטונג, די „ליניע מאַזשינאָ״...
מיט אַלע דײַנע וועלטן וויל קינס בן פאַרוואַלטן,
זײַן בליק גרייכט נירוואַנאַ, זײַן סם גרייכט ביז בלי־מה...

באַפרײַ אונדז פון זײַן אָטעם, באַפרײַ אונדז פון די בליקן,
פון הענט וואָס שמירן אוים מיט בלוט דײַן גלגל־החוזר.
לעש־אויס אין חיה־מענטש דעם דורשט צו וואָרגן און צו שטיקן,
מבטל זײַ דעם פּסק, וואָס קינס האַרץ איז גוזר.

באַפרײַ געפענטעטע הענט. צעברעך די מויער פון געטאָ.
די רידלעס אונטער פּיס, וואָס גראָבן פאַר זיך אַליין קברים.
און די, וואָס בלויז דער מורמל פון תהילים איז זייער וועטאָ,
צעקנייטשטע אונטער טאַנק, ווי אונטער טריט אַ וואָרעם.

און די, וואָס ווילן נישט אין זיך דערשטיקן דעם צאָרן,
און זײַנען מורד אין קינס בן, און זיי זײַנען דײַן נאָמען מקדש
און ווערן בציבור אין פײַער פֿאַרברענט... אין חורבן פֿאַרלאָרן.
און ברענגען געלייַטערט פֿאַר דיר אונדזער פֿאַריתומטן קדיש.

און אַלע די, וואָס גוססן אין די קאַלך־וואַגאָנעס,
און אַלע די, וואָס מוזן צוקוקן און שווײַגן.
פֿאַרהונגערטע, פֿאַרדורשטיקטע, פֿאַרמאָרעט אָן אַ תּענית —
דערלויב אַ יום־הדין — לאָז זייער צער אויפֿשטײַגן...

און דו קענסט דעם גהינום דאָס פֿינצטער מויל פֿאַרשטאָפּן,
אַרײַנברענגען אַ פֿוילעכץ אין די קעל־געוועבן.
און קעגן טיטוס־מיק בלינד זײַנען מיקראָסקאָפּן,
און ווידער, למאַי דיר, בורא, מײַנע עצות געבן?

ביסט איבער אַלע כמאַרעס און העכער פֿון סטראַטאָספֿערן,
און קיין אויער הערט נישט דאָס רוישן פֿון דײַנע מאָטאָרן.
באַפֿעלסט דעם ווינט, דעם שטורעם... און ווער קען דיר פֿאַרווערן?
פֿאַרשיט זיי אונטער שנייען. צעגלי אין פֿראָסט דײַן צאָרן.

צעברעך זיי אָן די פֿעלזן. צעברען זיי אין חמסינען.
פֿאַרשיט זיי אין די זאַמדן. פֿאַרפֿלייץ מיט דײַנע ימען.
דו האָסט פֿאַר גרויסע פֿירער געגנוג מטורף־זינען,
דו באַפֿעלסט דער סטיכיע — קענסט קינם בנים צאַמען!

און זאָלן זיי דערפֿינדן אַנטי־צבאות־קאַנאָנען
און שיסן קעגן דיר פֿון מיטראַליעזן מיט גאַזן...
און לאָזן זיי צעגרעניצן דײַן הימל אין געטאָ־זאָנען,
און מאָביליזירן קעגן דיר די שוואַרצע „עס־עס"־אַזן.

און זאָלן זייערע פּילאָטן דיך זוכן אין טעלעסקאָפּן,
און זייערע סאָבּמאַרינען באַשיסן דײַנע תּהומען
נאָר דו קענסט דעם גיהנום דאָס פינצטער מויל פאַרשטאָפּן,
ווײַל דו באַפעלסט געשיכטע איר שטורעם צו צעשטראָמען...

## ספרים

איך האָב זיך געגריבלט אין פּלערליי ספרים
און האָב נאָר געפונען מצבות און קברים.

מצבות מיט גאָלדענע אותיות, וואָס בלאַנקען,
און קברים פאַר שטילע געפילן, געדאַנקען.

געדאַנקען אַנטשלאָפן אין ווארימע בעטן,
זיי ליגן אָן מוסקלען, ווי טויטע סקעלעטן.

געפילן אַנטדרימלט אויף פּליושענע זאָפן —
פון מילבן צעפרעסן, פון שימל פאַרלאָפן.

עס דוכט מיר: איך הער נאָך דעם קדיש דעם פרישן,
די אותיות פאַריתומטע טרערן זיך ווישן.

איך האָב זיך געגריבלט אין פּלערליי ספרים
און האָב נאָר געפונען מצבות און קברים.

# רויט־אַרמייאיש

אַ רויט־אַרמייאיש ליד דערציילט מיט בלייכע ליפּן,
ווי דאָס בלייך־געלבלעך בוך־פּאַפּיר פון דעם לאַנד.
צווישן די זילבן גיסט זיך מיט איבעררײַס אַ כליפּן,
ווי אַ רעגן, דורך גרינע בלעטער אין זאַמד...

און קיין רעגן איז לאַנג נישט געגאַנגען
אין די טעג, ווען מען האָט אים געגאַרט.
מען האָט סײַ ווי סײַ געטרעטן די זאַנגען
מיט שטיוול און טאַנקען האַרט.

„דער שטויב האָט געגעסן די גופים
ווי דאָס קבר זאָל זאָגן: — סײַ ווי סײַ
געהערט איר מײַן זאַנד —
דעם טויט, ווי דו ווילסט, אַזוי רוף אים,
איר מאַרשירט, איר מאַרשירט אויף זײַן ראַנד...

דער שטויב האָט געגעסן די גופים,
דער הונגער, דער דורשט האָט געמאַטערט.
מיר זײַנען אַרײַן בגילופין
אין דאָרף — און די פאָנען צעפלאַטערט.

די כאַטעס ווי ליידיקע שטייען,
די פענצטערלעך קוקן ווי בלינד,
די ווינטעלעך אומעטיק ווייען,
עס וואָיען פאַראיינזאַמטע הינט.

„יונגע ווײַבלעך צום טרינקען קיין מילך נישט געבראַכט,
יונגע מיידלעך מיט בלומען אונדז נישט באַגעגנט.״

ווען ס'האָבן די פאַשיסטן בײַנאַכט
מיטן דאָרף זיך געזעגנט,
זיי האָבן אַלע פרויען אומגעבראַכט —
אונטער איין פלויט
די פרויען צעשאָסן אויף טויט!

מיר פאַרנויגן די פאָנען אין טרויער,
דער פלאַטער פאַרשווינדן פון פאַלד...
דאָס האַרץ קלעמט אַ וואָלקן אַ גרויער,
עס ציט עס דער שאָטן אין וואַלד.

דער שטויב האָט געגעסן די גופים,
און שווייסיק און בלוטיק דאָס לײַב.
דער טויט, ווי דו ווילסט, אַזוי רוף אים,
— העי, טאַנקיסט, העי, טאַנקיסט — ווײַטער טרײַב!...

מען האָט ווײַטער געלאָזט די מאָטאָרן,
און געיאָגט דעם פאַשיסטישן כאַם.
ס'האָבן זאַלפן געהייליקט דעם צאָרן,
די שבועה פון גאול הדם.

דאָס בלוט רוישט, ווי זידענדע סמאָלע,
קאָכט מיט צאָרן פון גואל הדם,
מען האָט מיט די פיס זיי געטרעטן,
מיט ציינער געביסן דעם כאַם...

קיין שריד ופליט געלאָזן
פון רוצחישן באַטאַליאָן,
און איבער דעם שוועסטער־קבר
צעפלאַקערט געהייליקטע פאָן...

## אַבי צו אײַך צו קומען...

כ׳וועל טרינקען טיי אָן צוקער,
און הערינג עסן אָן ברויט.
כ׳וועל שטיין אין די „רייען" אין קעלטן
מעת־לעתן, מיט קראַנקער הויט.

די שטיוול מיט שטריק פֿאַרבונדן
און צײַטונג־פּאַפּיר, אָנשטאָט העמד;
דאָס פּנים פֿון ווינטן צעשינדן,
דאָס האַרץ אין ווײי צעקלעמט.

כ׳וועל אַלע גרעניצן שמוגלען —
עס שרעקט מיך נישט מער קיין שאָס.
כ׳וועל גיין ביזן האַלדז אין וואַסער,
אין פֿינצטערניש פֿון חצות.

אין לײַלעך געוויקלט, אין שנייען,
און ליגן פֿאַרטייעט, ווי שלאַנג;
כ׳וועל היטן דעם גרעניץ־היטער,
דערשנאַפּן, ווי הונט, זײַן גאַנג...

## מעק אָפּ...

איך קום צו דיר אין בלוט און שטויב און חורבן אַש.
גיב אַ האַנט צו קושן, גיב אַ פּוס צו וואַשן,
לאָז פאַרגעסן די פאַרגאַנגענע גלגולים פון דײַן נשמה.

איך הייב איבער דײַן קאָפּ דאָס ליכט פון ישראלס הענט,
די בענטשנדיקע הענט פון אוראַלטן כּוהן,
אַריבערגעדעקט מיט בלויען אָטעם פון פאַרברענטן טלית,
קיין אומריין אויג זאָל נישט זען,
און איך זאָג מיטן מויל פון אל צבאות: — געבענטשט זײַ
און געהייליקט שליח פון נקמה...

איך וועל דיר געבן אײַזערנע פיס צום גיין,
שטאָלענע פליגל צו פליִען,
בריליאַנטענע אויגן אין דער פינצטער זען,
אַ שטורעם, וואָס זאָל דײַן צאָרן אין דער וועלט צעטראָגן
און שטיינערנע הענט — עמלקן צו שלאָגן!

קיין ציטער נישט פון האַרץ, קיין צאַפּל נישט פון ברעם.
אין נאָמען פון שדי, פון געהיימען שם:
— יעדן זכר פון עמלקן מעק אָפּ!"
צעטרעט מיט אײַזערנע טריט דעם שלאַנגן־קאָפּ...

אין מיטן האַרץ פון דער וועלט — אַ פאַלק אַ שלאַנג.

אכציק מיליאָנען גיפטיקע צינגער,
אָפענע מײַלער, וועלט־פאַרשלינגער,
זולל וסובאם מיט גיריקע אויגן,
גאַנצע פעלקער אַרײַנגעזויגן
אין איין פינצטערן עיפּוש־מאָגן...

און דו ביסט געררופן דעם מאָנסטער צו שלאָגן!
און דיר איז געגעבן די מאַכט פון כּלי זין
פון נחש די וועלט צו באַפרייַען —

דו זיי צו די שיינקייטן פון זיַינע בלענד־ווערק
בלינד,
און צום יאָמער פון זייַנע אינגעווייידן
טויב,
און צום שמייכל פון זייַן ווייַב און צום חנדל פון זייַן קינד,
און צום רחמימדיקן וואָרקן פון זייַן טויב!

מעק אָפּ דאָס פאָלק פון גיפטיקן געדאַנק!

דו טרייסל אָפּ פון דייַנע שיך זייַן חרם־שטויב,
און זוך נישט אין זייַן שטוב קיין רויב,
און טראָג נישט אין הארצן צו זייַן מעבל דעם געשניצטן,
צו זייַנע קרישטאָלן, צו זייַן צירונג, דעם צעבליצטן,
און צו זייַנע גאָלד־געליישטע ספרים
קיין פאַרלאַנג,
און זאָל דיר קיין שאָטן פון די בילדער אויף זייַנע ווענט
און קיין שום מייַסטערווערק פון זייַנע כּישוף־הענט
נישט מאַכן באַנג...

און נישט זייַן לוסט־בוים, און נישט זייַן פרוכט־בוים
און נישט דאָס דופטן פון די פאַרביקע בלומען־אַלייען,
און נישט די זאַפטיקע סטויגן פון גראָזן און הייען,
און נישט די תּבואות פון זייַן שייַער
און נישט דאָס גרעזל, וואָס אין זייַן גבול גרינט —
זיי געהערן דעם אָטעם פון חורבן־ווינט,
דעם חרם פייַער...

ווענד אָפּ דאָס פּנים פון זייערע „אינטערנאַציאָנאַלע" פּאָנען!
און לאָז די הייליקע נעמען פון מאַרקס און לענין נישט פון זייערע
טמא ליפּן דערמאָנען,
און די האָניק-טריפנדיקע פּאָליאַנטן
מכּח דער חכמה פון העגל און קאַנטן,
און געזאַנג פון געטע און שילער און ניטשע און וויים איך נאָך ווער-
און די כיטרע שמייכעלעך אין די וואָנסן און לאַנגע בּרעמען
און פון בּעבעל און בּײַבּל און אַנדערע הייליקע ספרים-ציטאַטן,
דערלויבּ נישט צו פאַרריידן די ציין פון אונדזערע האַרציקע יאַטן,
דערלויבּ נישט זיי זאָלן אונדז טיטלען: — חברים, חברים!
אויף אַלע פאַרנאַרערישע טיטלען בּאַפעל: — חרם! חרם! חרם!

און דעם בּלוטיקן צעטל פון זײַנע פאַרבּרעכער
זאָלסטו מיט אַ כּיון
פון דײַנע אַרכיוון
אויסראָטן, פאַרבּרענען —
געלײַטערטע דורות זאָלן די נעמען נישט קענען!

און נאָך העכער:

ווען די פײַערן פון זײַנע בּאַפעסטיקטע שטעט
ווען אַנצינדן די זילבּער-וואָלקן
אין אַ לבנהדיקער נאַכט —

בּאַפעל: אַלע דײַנע גלאָקן זאָלן קלינגען ווי איין גלאָק:
— יושב בּשמים ישחק!
דער, וואָס אין הימל, לאַכט:

„אַלע מײַנע הימלען בּין איך מפקיר צו דײַן שלאַכט!"

## אויף די ברעגן פון באָספאָר

מען האָט אין קאָפּע מיך באַגריסט מיט מײַן וויזע:
— אַ וויזע, אַ וויזע — אַזאַ מין נס!
און איך האָב נאָך אַלץ נישט פאַרפּאַקט די וואַליזע,
זי שטייט שוין צעעפנט אַ פּאָר מעת-לעת.

איך האָב מיט די פרײַנט זיך דרײַ מאָל שוין געזעגנט,
מען שמייכלט מיר פריילעך: — „געקומען צוריק?"
ס׳האָט נעכטן געשנייט, און הײַנט האָט געדרעגנט,
איך ליב דאָ די זון און דאָס ביסעלע גליק.

עס טרײַבט מיך פון דאַנען אַ ווינט אין די ביינער,
עס האַלטן מיך אויף אַ פּאָר שמייכלען פון פרײַנט:
וואָס לויפסטו? חלילה... דו ביסט דאָך נישט איינער —
אַ חילוק וואו זון פאַרן נע-ונד שײַנט?

וועסט הינטער זיך לאָזן די קינדהייט, די יוגנט,
די טעג דײַנע רײַפע, פון זקנה די שוועל...
פאַרלאָזן די ברעגן, וואו רשעות איז זיגנד,
אַריבער מדבריות און ימען — „קווײַט וועל!"

ווען שרעקן סכנות? ווען קימערן געפאַרן?
בלעקאַוטן, אַליאַרמען... צי סאָבמאַרין.
פאַרלאָזן די ברעגן פון „יוראָפּ"-קאָשמאַרן,
די הײַזער די פרעמדע אין ביימער און גרין.

ס׳איז פײַן צו שפּאַצירן בײַם ברעג... אין די פאָרשטעט,
וואו ס׳טוליעט באָספאָר זיך צום היימישן גרין.
און שפּילט מיט ניואַנסן אין בלוי — און געמאָרשציעט —
אין שאַלן קאָלירטע, און גאָלדיק באַשפּינט.

און גלעט מיט צעפּאַליעטע פינגער מעטשעטן,
און ציטערט צוריק מיטן פּנים אין זאַמד.
און מורמלט אויף טערקיש אל־קאָראַנס געבעטן,
אַ מין יקום פּורקן... און שבתדיק באַטעמט.

אָדער די געסלעך די שמאָלע געשלענגלט,
איסטאַמבול פון פּראַכנע אין אַלטן געהילץ.
יאָ, הונדערטער יאָרן אַ קונסט־ווערק פאַרוועגגעלט,
אַ שטאָט פול מיט האַרץ, נאָר אָן לעבער, אָן מילץ.

אָפּט זע איך דאָ הערצלען צו טיפקייטן קוקן,
דאָס מלכותדיק פּנים געשפּיגלט אין בלוי,
צעשטראַלט איבער בריק... כ'וואָלט קניִען, זיך בוקן,
ווען כ'וואָלט זיך נישט שעמען...

נישט שטראָף, אדני!

צי איז נאָך אַ גיהנום אַ קליינער דער וואַנדער,
צעטיילן דאָס האַרץ פאַר יעדן מין פרעמד?
ס'איז בזוי און שפּל — דאָס אַלץ מיט אַנאַנדער —
אַ שטיף־מאַמע פּײַניקט, ווען זי גלעט און זי קעמט.

זי איז אָפּט צו בייז, און אָפּט אויך צו איידל,
און אָט בין איך: — „קינד!" און אָט בין איך: — „מויד!"
און אָפּט, ווען זי טוט אָן מײַן מאַמעס אַ קליידל,
און שמייכלט... דאַן וויין איך: — „מײַן מאַמע איז טויט!"

און נישט צו מיר שמייכלען די ווײַסע מעטשעטן,
די טורעמס, וואָס גליִען ווי ליכטער אין זון.
דער פליעסק פון באָספאָר וועט פאַר מיר אויך נישט בעטן,
ער ליבט מיט מאַכמעדן זײַן תּפילה צו טון...

עס וואַרימט באַספּאָר זיך און שפּיגלט די הימלען,
און מורמלט ניוּאַנסירטע בלויקייט — און שטיל.
ער שפּיגלט דעם אייביקן סימבאָל פון דרימלען,
און איך בין דער סימבאָל פון וואַנדער אָן ציל!

איך וואַנדער אפילו אין קאַפע, ביים טישל,
ביים שוואַרצן געטראַנק, וואו די פריינט זיינען ליב.
עס פלאַטערט דאָס האַרץ ווי אין נעצן אַ פישל,
אין שעלכל קאַווע... אַ כליפּ און אַ זיפּ...

מען האָט אין קאַפע מיך באַגריסט מיט מיין וויזע:
— אַ וויזע, אַ וויזע — אַזאַ מין נס.
און איך האָב נאָך אַלץ נישט פאַרפאַקט די וואַליזע,
זי וואַרט שוין צעעפנט אַ פּאָר מעת-לעת.

## און קורץ איז דאָס לעבן

און קורץ איז דאָס לעבן, אַ פּאָר מיליאָן יאָר,
קוים, לאָמיר פאַרבישופן מיט חלום די וואָר...

און פאַרשטויבט איז דאָס ליכט,
און די זון איז פאַרשטויבט,
און דאָס גיין איז אַ פליכט,
און די וויטקייט פאַרטויבט —

# אַ תּענוג

אַ תּענוג, אַ תּענוג — אַזוי זיך אויסגערוט!
אַך, דאָס פּשוט גליק פון אַ ציכטיק בעט,
פון לאָזן אַביסל פריַי צירקולירן דאָס בלוט,
און ריין זיך וואַשן, און עסן צו זעט.

זי האָט מיך אַזוי פריילעך אויפגעוועקט,
אַזוי גאָלדן אַריַינגעשפּרונגען דורכן פענצטער,
זיך צעשפּילט מיט מיַינע האָר, מיט מיַין פּנים, מיט די
הערעלעך אויף מיַין ברוסט,
נישטאָ קיין קאָשמאַרן, קיין חלומות, געשפּענסטער —
יעדער שטראַל, יעדער ליכטיקער שטראַל
איז אַזוי גאָלדיק, גן־עדנדיק־רעאַל,
און דער בוים האָט פאַרלוירן זיַין געדיכטן שאָטן,
און יעדעס בלעטעלע מיט די אָדערלעך... אַזוי געראָטן,
פריש, טוּיִק, זאַפטיק, גרין,
עפּעס פון גאָר אַן אַנדער מין
וועלט —
און דאָס פליגעלע זומט אַזוי פריילעך,
גאָלדפאַרביק געקליידט — ממש אַ שני למלך,
אַ העלד!
און דער פויגל — טאַקע, הער — ער זינגט,
די פיַיפערלעך, די פידעלעך, די גלעקעלעך!
עס פאַרקלינגט,
עס פאַרהילכט דאָס צימער מיט די באַגילדעטע ווענט.
באמת, כ׳וואָלט זיך אַליין נישט דערקענט,
ווען נישט אין ווינקל די צעשאָטענע וואַליזעס
און דער עול: ווידער צו לויפן נאָך די וויזעס,
און די קאָנסולאַטן —
אַ רוח אין זייער טאַטן!

## בלאָנדזשענדיקע שיפן...

איך רוף אין ראַדיאָ די בלאָנדזשענדיקע שיפן,
מיט פלאַגן צעפלאַטערטע, צו קיינעמס לאַנד!
גלײַכגילטיק צו פעלזן, גלײַכגילטיק צו ריפן,
גלײַכגילטיק צום גרינעם יבשה־ראַנד...
די שיפן געשווענקטע פון פאַליעס אָן ברעגן,
די קעסלען געהייצטע מיט בענקלעך פון דעק;
וואו האָפנונג איז סם... מען רעדט נישט דערוועגן!
שפּאַקטיוון, וואָס זוכן אין ווײַט אָן אַ צוועק,
וואָס זוכן אין נעפּלען די סאָבמארינען,
און האָבן נישט מער ווי דעם טויט צו געפינען...

איך רוף אין ראַדיאָ פאַרשעמטע קאַפּיטאַנען
פון שיפן, וואָס ווערן אין פאָרט נישט דערלאָזן;
און פּליטים, וואָס קענען זיך מער נישט דערמאָנען
די טעג, ווען זיי האָבן דאָס היימלאַנד פאַרלאָזן;
די שיפן אָן שפּײַז, די שיפן אָן וואַסער,
מיט וואָגלער פאַרחלשטע, אָן מעדיצין;
מיט פּנימער בלייכע, וואָס ווערן רק בלאַסער;
מיט אויג, וואו דער בליק האָט פאַרלאָרן דעם זין;
קאַבינע, וואָס ווערט נישט גערייניקט פון שמאָדער,
אַ שאָד איז דאָס לעצטע ביסעלע מיסט;
וואו קינדער פאַרגייען בײַ מאַמע־בריסט,
וואָס הענגען ווי זעקעלעך הויט און אָדער...
די שיפן, וואָס וואַל־פיש און ים־טיר באַגלייטן
און שמעקן די מאָרדעס פון וואַסער נאָך טויטע...

„קעפּאַ, פּאַטריאַ, קעניגשטיין, קאָנטע־גראַנד,

„אַספּיאַ, מאָנטע־ווילע, שטרומאַ, ניו־זעלאַנד,
„יאָהאַן־דע־וויט, צעזאַר־ניגליע, רים, אַטלאַנטיק״ —
שטײַגט אויף פון אַלע אָפּגרונטן,
די ערד איז ווידער קאַנטיק!

שטײַגט אויף פון צעבראָכענע קעסלען, מאַשינען אין זשאַוור,
פון פיש־בויך, מושלען, קאַראַלן... אײַך רופט אַ חבר!
שטײַגט אויף פון אַלע אָפּגרונט־טיפן,
איך האָב פאַר אײַך אַ וויזע, געשריבן אין היראָגליפן;
אַ וויזע, אויסגעשטעלט אין אַלט־מצרים־שפּראַך,
פאַר לעצטע בליקן, שווימענדיקע, אויף וואַסערס אויבערפלאַך;
אַ וויזע, אויסגעקעמפט אין זיבן טעג פון חושך
אויף טויזנט טרויער־מיטינגען... כ'בין גלגול־משה, איך!

קאָפּערניק, גאַלילײַ — זיי ציִען צוריק זייער וואָרט,
די ערד, זאָגן זיי, מוז טאַקע שטיין אויף איין אָרט!
און וואָס פאַר אַ צוועק האָט אײביק וואַנדערן אַרום דער זון?
דאָס מעגן בלויז די אויבערמענטשן טון!
אַ קײַלעכדיקע ערד איז מער נישט באַשערט — ווי ברענען...

שטײַגט אויף, איר וועט דאָס וועלטעלע נישט דערקענען!
אין נינוה שטייען אַלע פּאַלאַצן אין פלאַם,
און ברעגן האָט ווידער באַקומען דער ים,
און „פרײַע האַפן״ פאַר פּליטים... (נפטרים!)
שטײַגט אויף, יונהס קינדער, פון פיש־בויך, פון מושלען,
פון קאַראַלן־קברים...

## אויפֿן ברעג פֿון תּל־אָבֿיבֿ

פֿאַרזשאַווערטע ליגן צוויי שיפֿן,
צוויי איבערגעקערטע בײַם ברעג —
צוויי עדות פֿאַר אַלע טיפֿן,
וואָס ייִדן האָט געטראָפֿן אין וועג.

און צאָרענדיק פּליעסקן די כוואַליעס
ארום די מצבֿה־ווענט,
אַ צאָרן פֿון פֿאַרלוירענע זעלן —
אין אָפּגרונט צעפּאַליעטע הענט...

און מאַמעס און קינדער און זקנים
אין מאָך און אין שוימיקן שוואָם,
זיי דראָען און שעלטן די שונאים —
דאָס יאָמערט דער ים בקול רם!

פֿון דײַטשלאַנד, פֿון ליטע, פֿון פּוילן,
פֿון פֿראַנקרײַך, פֿון בעלגיע, האָלאַנד,
פֿון חורבֿן, פֿון אומקום, פֿון גרוילן,
פֿון טיפֿוס, פֿון שאַנד און פֿון בראַנד, —

זיי זײַנען אַהיים געקומען,
עס שמייכלט פֿון ברעג דאָס זאַמד,
מען האָט זיי נישט אויפֿגענומען,
געטריבן פֿון הייליקן לאַנד...

זיי קוקן מיט אויגן צעגליִטע,
עס שמייכלט צו זיי תּל אביב.
זיי בלײַבן, ווי קנעכט, ווי געשמידטע —

מען לאָזט נישט אַראָפּ פון דער שיף!

עס פינקלען די פענצטער, די טירן,
ס׳באַגריסן די קרובים פון ברעג,
דאָך גיט מען נישט אָפּ די פּאַפּירן —
„ס׳איז נאָך נישט געענדיקט דער וועג!...״

האָט ענדלעך דער ים זיך צעבייזערט:
— „סטייטש? יושר... ס׳איז אונדזער ערד!
איך וועל אייך דאָס היימלאַנד אָפּגעבן!...״

און שיפן צוויי איבערגעקערט.

פאַרזשאַווערטע ליגן צוויי שיפן,
צוויי איבערגעקערטע ביים ברעג,
צוויי עדות פאַר אַלע טיפן,
וואָס ייִדן האָט געטראָפן אין וועג.

## און דאָס וואַסער איז נאָענט...

און דאָס וואַסער איז נאָענט,
און דורך פייער דער וועג,
לויטער, בלוי, האָריזאָנט,
און אין חמאַרעס דער ברעג —

גרינעביימער אין ראַנד,
ווייסע הייזעלעך, שיין —
און פאַר מיר איז דאָס לאַנד,
ווי איין גליאיקער שטיין...

## וואוהין דער יאָמער?

(פראַגמענט)

דיך שרעקט נישט קיין פּסיכאָז, און נישט קיין מאַסן־פיבער,
און נישט קיין געהייבענע פויסטן פון ננתקה־פּראָנטן.
דו שפּרייזט מיט חוזק אַ דור עקש ופּתלתּל אַריבער,
לעשסט אוים די ראָזע מאָרגנס פון זיינע האָריזאָנטן.

צו וואָס באַווייזן מיר אַ פולע האַנט מיט זונען,
וואָס פליצן דורך שמייכלענדיקע פינגער —
די גאָלד־רעגנס אין קאָלירטע אַצעאַנען?

אַזוי באַווייזט אַ סוחר פון פּערל און בריליאַנטן
זיין עשירות — צו אַ קרוב, אַ גוטן פריינט, אַן אַלטן באַקאַנטן,
הגם ער ווייסט, אַז יענער איז נישט קיין גרויסער מבין,
זיין ביסל חשיבות אין יענעמס אויגן נאָך מער צו דערהייבן.

צו וואָס באַרימען זיך מיט אַזאַ עשירות, פאַר מיר —
דעם וואָגלענדיקן בשר ודם?
די זייפנבלאָזן־נעצן אַריינגעוועבט אין אַ ברכי־נפשי־שטראָם...

צו וואָס דאָס רייצן זיך מיט מיר, דאָס באַווייזן, ווי די חברשאַפט
פון צעשפּילטע וועלן, גייט איבער די חברשאַפט פון
„אינטערנאַציאָנאַלען"?
ווי די אבנים־טובות, אילוזיע פון קאָלירטע שוימען, שטייגן איבער
די אילוזיעס פון „וועלט־פאַרבאַנדן".
און דער חורבן־יאָמער פון צעבראָכענע כוואַליעס אויף פּשוטע
זאַמדיקע ברעגן,
שטייגט איבער דעם יאָמער נאָך צעשאָטענע שטעט
פון טרויער־מיטינגען...

וואוהין ווילסטו אהינטון דעם יאָמער און דעם טרויער?
עס שרעקט נאָך היינט די פעלקער אונדזער אמאָליקער „איכה".
עס שרעקט נאָך היינט די פעלקער יענע גרוישטיין-מויער,
וואו יידן קומען וויינען... יידן אַלטע, בלייכע...

איך האָב אין יענע טרערן אַ ליכטל אָנגעצינדן,
און מיין נשמה מיטן אַלטן געוויין פאַרבינדן.

איך האָב אַ ליכטל אויך געצינדן,
צופוסענס פון זאמדן-געשליפענע בערג,
אין אַ אוהל, אונטער אַ צעקרימטן בוים,
אויף די וועגן פון בית-לחם.
אויפן קבר פון יעקבס ערשטער ליבע, ערשטן טרוים
און ערשטן נפטר... און מיין יש איז פאַרשוואונדן:

אַ קליין פויליש חדר-יינגל, מיט אַ קיילעכדיק פנימל,
מיט גרוי-בלויע פאַרטראַכטע אייגעלעך,
קאַפּאָטקעלע, פּאהלעך, גאַרטעלע און קאַפּל —
און דאָס הערצל ציטערט מיט יענעם צאַפּל
פון באַרימטן, טרויעריקן: — „ואני"...
און ענדיקט מיט געוויין: — זע, אַ-אַ, זע-אַ-אַ-אַ
„רחל מבכה על ב-ני-ה-ה-ה-ה..."
זע, דאָ, די טריט אין געשליפענעם זאמד,
זע דעם בלויען הימל-שלייער גאָלדיק צעפלאַמט,
און די וואונדערלעכע בכיה —
— — — — — — — —

ווער נאָך האָט אזא הייליקע, דינע שמיעה?
אַרום דער גאַנצער ערד צו דערהערן דאָס געוויין
פון אַ מוטער רחל... אַזש פון בית-לחם! אָט דער שטיין,
די ווענט פון דעם אוהל, די ערד, דאָס זאמד,

זיי שיקן איבער צו אונדז די טרער, וואָס פלאַמט
מיט אייביקן רחמים צו אירע קינדער...

איך האָב געהערט פאַרשידענע וואַסערן וויינען,
איך האָב געהערט פאַרשידענע טרויער־פייגל קלאָגן,
איך האָב געזען דעם אָצעאַן זיך קאָפּ אָן פעלזן שלאָגן,
איך האָב געזען שוואַרצע פּאַליעס די בּרוסטן זיך רײַסן,
איך האָב געזען ווילדע ימען די קידלעס זיך פליקן,
איך האָב געזען ווילדע שוימען די פעלזן צעבײַסן,
איך האָב געזען די ווילדע וואַסער־פערד פון שטורעם זיך צעבּריקן...
און נישט געפונען אַזאַ יאָמער אין דער גאַנצער נאַטור, דער בּלינדער!

איך האָב געקושט אין אוהל די פּרוכתן, די מענטעלעך, די מנורה,
די צעקרימטע צדקה־פּושקעס, די פּאַרמעטן, די ספר־תורות,
און געקויפט אַ שמאָל זעקעלע זאַמד לזכּרון.

אך, נישט די גרינקייטן פון עימק, נישט דער יער בּאַלפור,
און נישט תּל־אָביב מיט איר אולטראַ־מאָדערנער אַרכיטעקטור,
מיט אירע פּלאַכע, סימעטרישע גאַסן, די רווישענדיקע
גאולהדיק־טומלענדיקע, גלותדיק־פּלוישענדיקע,
אָט דאָס עלעקטרישע, מאָדערנע, אַנטווישענדיקע!
זיי האָבּן נישט געקענט פאַרלעשן אין מיר דעם חורבּן־טרויער,
אוועקגענומען רחלס יאָמער פון מײַן אויער —
הגם, איך האָב דעם יאָמער קיינמאָל נישט פאַרגעסן,
אַפילו אין מײַנע „בּונדישע״ מעת־לעתן.

דאָס זאַמד האָב איך צום האַרץ געדריקט, צום האַרצן, וואו עס וואוינט
נאָך אַ חורבן.

און מײַן קאָפּ איז גרוי געוואָרן
מיט אַ גרויקייט פון טויזנטער יאָרן,
מיט דער גרויקייט פון גליוורשטיין אין די הרי יהודה
וואו, אויף געשלענגלטע וועגן, האָב איך נישט איינמאָל געמורמלט:
— און אפשר אַ מנוחה? און אפשר אַ רו דאָ?

איך האָב געוואַנדערט ווי אַ בר-מנן אין דער הייליקער שטאָט,
אָן דײַן אָטעם, גאָט!

און מיט טרויעריקע בליקן האָב איך באַטראַכט די קינדער פון עין-חרד
באַגינען, ווען זיי האָבן געטאַנצט זייער פריילעכן קאַראָהאָד
צופוסענס פון די געלבלעך-גרויע בערג פון גלבוע

איך בין פערזענלעך פרײַנט טאַבענקינס אָן אַלטער פּאַרערער,
נאָך פון נאַלעווקי „נײַן-און-דרײַסיק", פון וואַרשע,
אָבער דאָס „פיפטע יאָר" איז אַן אַנדער פּרשה,
און בעת ער האָט מיר פרײַנטלעך דערקלערט
די געשיכטע פון דער עוואָלוציע פון זייער מעכאַנישער וועשעריי,
האָב איך פאַר זיך געזען דעם שלאַנקן מלך שאול אָנגעלענט אויף
זײַן גלאַנציקער שווערט,
מורמלענדיק: — בעל כרחך אתה חי.

שאול, שאול — פאַר מיר האָט געשוועבט דײַן עלאַסטיש-געבויגענער
שאָטן,
און אין מיר האָט דאָס בלוט געזאָטן.
אָך, נישט איינער וואָלט זײַן הײַנט, ווי דו, אַ בעלן,
אויף אַ שאַרפער, גלאַנציקער שווערט דאָס האַרץ צו לאָזן פאַלן...

און די קינדער פון עין חרד
טאַנצן אונטער דעם טראַגישן שאָטן
אין אַ מאָרגן־זון — אַ קאַראַהאָד...

שיין זײַנען אײַערע ווײַסע הייזלעך אין גרינעם,
שיין אײַערע גאָלד־עפּל, וואָס קוקן פון באַהעלטעניש, פון בוים;
און וואויל צו די, וואָס קענען אָפּהיטן זייער יוגנט־טרוים!

## דער סערטיפיקאַט

מען האָט אין דער פינצטער דאָס האַרץ מײַנס שטודירט,
צי ס'איז פאַר אַמעריקע גוט.
מיט איקס־שטראַל באַלויכטן — כ'האָב גאָרנישט געשפּירט.
אַ דאגה... נישט מײַנס איז מײַן בלוט!

עס ריידן דאָקטוירים צווישן זיך שטיל:
— „עס פונקציאָנירט נאָרמאַל!
„עס הענגט עפּעס איבער דעם האַרץ אַ גערויש,
„נאָר אונדז איז עס גאַנץ עגאַל!

„עס הענגט עפּעס איבער דעם האַרץ אַ גערויש,
„דאָס הערט מען מיט פּשוט געהער;
„און ער איז אַ פּליט — אַ דיכטער דערצו —
עס שטאַמט פון זײַן „ביזנעס״ — איך שווער!

„עס הענגט עפּעס איבער דעם האַרץ אַ גערויש,
„נאָר אָן מעדיציניש גרונד;
„מיר קענען אים אויסשטעלן אַ סערטיפיקאַט:
„דער מאַן איז אינגאַנצן געזונט״...

## אַנטי־קבר

עס זיצן און קלערן די אינזשענערן
אויף אַנטי-קבר קאַנאָנען.
געלערנטע און קענער צייכענען פּלענער:
צעטיילן די הימל-זאָנען.

עס רוקן זיך נענטער די פינצטערע ווענט,
ווי ווײַזערס פון זייגערס, ווי שטאָלענע הענט,
באַוועגט פון „יענזײַטיקע" מאָטאָרן
אויף קעפּ פון חרטומים און מיניסטאָרן,
אויף רײַכע און פּני, מיוחסים געבאָרן
מיט בופלאקס-הערנער, און שטאָלענע שפּאָרן.

עס רוקן זיך נענטער די פינצטערע ווענט,
אויטאָמאַטן-גבורים, קברנים אָן הענט;
און ווער מאָנט פון קבר טעמפעראַמענט?

למאי די פריזור הײַנט נישט ריכטיק פאַרקעמט?"

אזוי מיטן יחיד, אזוי מיטן כלל.

בחינם דאָס בעטלען נאָך איין שטראַל,
נאָך איין אָטעם, נאָך איין זשיפּ,
אַ לעצטן קוש, אַ מורמל מיט ליפּ,
דערזאָגן דעם יורש אַ לעצטן וואָרט —
בחינם, אימפּעריע! פאַרשפּילט דײַן קאָרט...

און מעגסטו נאָך לעבן יאָרהונדערטער לאַנג,
מיט אַלטע מכשפים פאַרבּישוף די שלאַנג,

וואָס פּויזט נאָך דיר נאָך און קריכט דורך די ווענט —
דו צייכנסט דעם גזר מיט אייגענע הענט,
דו צייכנסט דעם גזר אין הייליקן לאַנד
אויף „ווײַסן פּאַפּיר‟ מיט שוואַרצער האַנט...

עס זיצן און קלערן די אינזשענערן
אויף אַנטי־קבר קאַנאָנען,
געלערנטע און קענער צייכענען פּלענער:
צעטיילן די הימל־זאָנען.

## גיי זאָג זיי

גיי זאָג זיי: — די וועלט איז אַ חורבן.
די ערד איז איין כּותל־מערבי.
די מענטשהייט אינגאַנצן — איין קרבן.
דער טויט איז דער אמתער נביא.

ער רעדט — און איר מוזט אים הערן.
ער קומט — און איר מוזט אים זען.
ער גייט צו אײַך זיכער, ווי שטערן,
און פּלינקער, ווי ווינטן, וואָס וויען.

זײַן אמת האָט ממש, ווי קברים.
זײַן לאָגיק — דאָס אין־זיך: ממילא.
זײַן אָטעם איז גסיסה און שטורעם.
זײַן וועג איז דער חושך ואפלה.

## דרײַ מענער...

**א.**

דרײַ מענער —
און איין מענטשהייט!
דרײַ מענער —
און איין וועלט!

און, אגב, טיפער צו באַטראַכטן —
אין אַלע פײַערן, אין אַלע שלאַכטן,
אין די מדבריות און ים־בלעקאַוטן,
אין אַלע הערצער, אין אַלע בלוטן,
קעגן קין... דעם רציחה־להוטן
ראַנגלט זיך איין אומבאַקאַנטער,
איין גאָט־געזאַלבטער, איין קוים־געאַנטער
העלד!

**ב.**

אַזויפיל תּליות אין איין וואַלד,
אַזויפיל קדושים אין איין געשטאַלט
אַזויפיל קבֿרים אין איין פעלד,
אַזויפיל העלדן — אין איין העלד!

**ג.**

דו זאָגסט: — יתגדל... איך ענטפער: — אָמן!

דער מלאך הדומה זוכט אַ נאָמען,
ער זוכט אַ פּאַספּאָרט, ער זוכט אַ יחוס —
אַ מלאך מוז טאָן זײַן שליחות!

מלאך, מלאך! — דו ביסט זיך טועה,
(הגם דאָס טרעפט דיר אַזוי זעלטן...)
זײַן אוהל איז אין הימלישע בלויען
און זײַן נשמה — אין אַנדערע וועלטן.

און שרײַ נישט, מלאך, נישט מאַך קיין יעלה,
און גיי — און פרעג פמליה של מעלה!

און איבער אַלע מיט די דערנער קרוינען,
און איבער אַלע פון דער פײַן־עליטע
האָסטו, מלאך, נישט מער קיין שליטה,
זיי באַקומען עקסטרא לוינען...

בחינם רופסטו: — מה שמיך?
ס'איז אָן אַ ממש... אַ פּראָסטער עכאָ...
ווי פון אַן אלול־פליג דאָס זומען...

פון וואַנען, מלאך, ביסטו געקומען?

עס האָט דער בורא געגעבן אַמנעסטיע,
זיי זײַנען צווישן די העכסטע געסט... יע!

אין גן־עדן, אין בלומען־אַלייען,
זע נאָר אין וועלכער חברותא זיי גייען!

ווי אויסגעשטעלט אַ בילד אין קינאָ,
פאָרויס מיט שליסלען אַברהם אָבינו,
און זיידע יצחק, און טאַטע יעקב —
און יעדער גייט — בײַ זיך אַ תּכיף!

נאָך זיי — די ייִדן פון דעם געטאָ,
אין וועט וואָלט זאָגן: — דאָס זײַנען די זעלבע!
קיין מגן־דודס, קיין לאַטע קיין געלבע,
מיט פאָנען און טראַנספּאַראַנטן־וועטאָ...

ביסטו דומה, נישט מסכּים, דו קענסט זיך דערוועגן
צו ריידן דעם כּביכול אַנטקעגן.
גיי, לאָז עס אין אַלע וועלטן הערן,
פאַרשעם אים אַנטקעגן לבנה און שטערן...
פאַרשטעל אים דעם וועג... און שרײַ... און באַפאַל אים
אַנטקעגן די זונען, די ליכט־גלגלים,
פאַרשריי מיט דײַן קול, מיט פליגל פאַררויש אים:
— „אין עולם השפל — די ברוינע בעסטיע,
און דאָ... אין די הימלען אַ רחמים אַמנעסטיע?
וואָס טויג דיר דאָס אומשולדיק בלוט...
און די קדושים?"

## ער רעדט צו אונדז...

ער רעדט צו אונדז פון בּראשית אָן אַ לשון פון משלים,
מיט נעמען אומפאַרשטענדלעכע, אַדרעס נישט צו געפינען.
באַהאַלט פאַר אונדז די פּערל־אוצרות אין קניפּלעך פון הבל־הבלים —
די סודות, די רמזים פײַנע, ווי שפּינוועבסן געשפּינען.

ער רעדט צו אונדז פון אייבּיק אָן פון אויסטערלישע זאַכן,
און וואָס ער האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז איז עד־היום פאַרבאָרגן.
ער קען פאַר יעדן קלענטשן חטא פאַר אויס צדיקים מאַכן,
און זשיפּען לאָזן גוססנדיק און וואַרטן די תּשובה פון מאָרגן!

און איך האָב נישט קיין טענה מער, קיין תּביעה נישט, חלילה!
איך האָב אַ בינטל לעצטע טעג אין וועלטמאַרק דורכצושטופּן,
— — — — — —
— — — — — —

## פון שמואל הנביאס געזאַנגען

א.

און פֿײַנט האָט מײַן האַרץ דעם מזבח
און בענקט נאָך קיין קרבן נישט מער —
פון בשמים, פון קטורת דער ריח
מערט ביטערקייט נאָר אין מײַן טרער.

דערהער איך די טריט פון אַ כּוהן —
ס'שטראַלט דורך די יריעות די זון,
די נאַכט מיט איר חושך פאַרגייען, —
מײַן נאַכט דאָך בלײַבט נישט אָפּגעטון.

דערזע איך אין אפוד פון לײַנען
צי חפני, צי פנחס געקליידט —
די פלאַמען פונם תמיד דערשײַנען, —
מײַן האַרץ נאָר אין חושך פאַרגייט...

די ווינטלעך דעם ווײַרויך צעווייען,
צעטראָגן פון בשמים דעם דופט —
אָ, ווײ מיר, וואָס איך האָב געזעען,
פון זינד האָט געציטערט די לופט!...

ב.

אָ, מוטער, האָסט מיך אָפּגעגעבן
אין משכּן צו דינען דאָ גאָט:
אין הייליקן משכּן צו לעבן —
דאָ זע איך נאָר טמאים און שפּאָט!

אין הרמתים אין שטילן,

אין שאָטן פון גרינענדן בוים,
דאָרט בליִען נאָך ריינע געפילן,
דאָרט שפּראָצט נאָך אַ הייליקער טרוים!

דו זעצסט זיך צום שפּינראָד צו שפּינען,
אַ טרער פאַלט אין ליינען אַרײַן —
פאַר מיר איז דײַן טרער און דײַן זינען,
און איך ווער דערשטיקט דאָ פון פּײַן!

דו זעצסט זיך צום וועבשטול צו וועבן
אַן אפּוד פון לײַנען דײַן קינד —
אָ, מוטער, איך קאָן דאָ נישט לעבן,
דאָ ווײַטער צו זײַן איז אַ זינד...

ג.

די זון אין אפריִם פאַרגאַנגען,
דער אָוונט צעשויבערט די האָר,
ווי שיכּור פון טויען און קלאַנגען —
און ווײַט שאַלט פון מנחה אַ כאָר!

עס שפּיגלען זיך שטראַלן אין שויבן,
עס צינדט זיך אין שילו אַ ליכט:
אַהין גייט אַ פרוי מיט צוויי טויבן,
און פרום, ווי אַ טויב, דאָס געזיכט!

די האָר נאָך פאַרוויקלט אין טיכער,
דאָך רוישט ווי מיט יום-טוב דאָס קלייד,
די טריט ווערן קרעפּטיקער, זיכער, —
דאָס פּנים געדרויטלט פון פרייד!

אריבער די טעג פון איר נידה,
די טעג פון איר טונקעלן פײַן;
אין אויגן פאַרבענקטע און מידע
צינדט־אָן זיך פון שטערן אַ שײַן...

די טויבן דערלאַנגט זי דעם כּוהן —
ס׳דערהויבט זיך אַ פאַרהאַנג, אַ וואַנט,
אָ, ווי מיר, וואָס איך האָב געזען,
די לופט האָט געציטערט פון שאַנד!

ד.

דו זעצסט זיך צו ריכטן, אָ, כּוהן —
אין חשן־המשפּט געקליידט;
אַרום דיר פאַרזאַמלטע שטייען
אין טויער פון אוהל־מועד.

עס פינקלען פון חשן בּריליאַנטן
און אַבני־השוהם, ווי ליכט
פאַר שבטים פון אַלערליי קאַנטן,
וואָס קומען פאַר דיר צום געריכט:

דעם בּערגמאַן פון נאָנטן אפריִם,
דעם פישער פון אָשר, פון ווײַט;
דעם פאַסטוך פון בּין־משפּתים,
און סוחרים און העלדן פון שטרײַט.

פון דן און בּאר־שבע, וואָס קומען
צו הערן דעם כּוהנס אַ וואָרט;
אָ, דאָ, וואו מען הערט נאָר דאָס בּרומען
פון כּרבים אין הייליקסטן אָרט...

דו זיצסט, יאָ, צו ריכטן, אַ כּוהן —
אַ משפּט פאַר גאָט און פאַר לײַט —
דאָך חפני און פּנחס וואו זײַנען ?
ווער האָט זיי פון משפּט באַפרײַט ?

ה.

ס׳קומט ווידער דער אָוונט דער בּלויער —
אַ, פלאַמען פון תּמיד, פאַרגייט ! —
לאָזט גיכער פאַרמאַכן דאָס טויער,
פאַרריגלען דעם אוהל־מועד.

אין רואיקן ליכט פון מנורה,
וואָס פליסט, ווי פאַר זיך נאָר מיט שײַן, —
אַנטפּלעקט זיך דער ווילן פון בּורא,
און מיר זאָפּט זײַן ווילן זיך אײַן.

און בּין איך געבּוירן צו דינען
פאַר דיר אין זײַן הייליקן הויז,
בּאַלײַכט מיר, אַ. בּורא, מײַן זינען —
מיך טרײַבּט איצט דער משכּן אַרויס !

ער יאָגט מיך צו לויפן פון דאַנען,
אַ, לויפן אויף בּערג און אין טאָל,
נישט פרעגן, וואוהין און בּיז וואַנען,
נאָר וואַנדערן, ווי אַברהם אַמאָל . . .

זיך בּלאָנקען אין שטילע ישובים,
און גיין פון געצעלט צו געצעלט,
אין נאָמען פון יושב־הכּרבים,
פון איין עק צום צווייטן עק וועלט.

דערציילן, ווי כּוהנים לעבן,
ווי דאָ ווערט גאָטס נאָמען דערהייכט,
און וועמען דאָ מעשר צו געבן, —
ווי ווײַט די קדושה דערגרייכט!

איך קאָן שוין דעם סוד מער נישט טראָגן,
דעם סוד, וואָס דעם משכּן פאַרשווענכט.
מיר דאַכט: אויך די כּרבים זיך קלאָגן,
און מאָנען פון גאָט זייער רעכט.

## איך קען אַ קוואַל

איך קען אַ קוואַל, וואָס שפּרודלט פון אַ שטיין,
און זינגט און טאַנצט, און שוימט זיך און קוועלט,
און וויקלט זיך אין הימלען און קייקלט זיך אין זאַמד,
לגמרי פאַרגעסן פון וואַנען עס שטאַמט,
און פרייט זיך מיט דער וועלט!...

און וואָס די שמחה איז, דאָס קען איך נישט דערגיין —
אַ קוואַל, וואָס שפּרודלט פון אַ שטיין...

# אלי, אלי, למה עזבֿתני?

פון פראָכנע איז מײַן קרײַץ. דאָס האַרץ אין אים צעפּוילט
פון צוויי־טויזנט־יעריקע רעגנס און שנייען און קעלט.

איך הענג נאָך אַלץ צעבלוטיקט אַנטקעגן דער וועלט.

אָרום מיר וועבט זיך נאָך דאָס אייביקע רכילות.
און אַלע האַרציקע גלאָקן־קלאַנגען, און אַלע באַגילדעטע תּפילות
האָבן נישט געפּועלט.

עס העלפן נישט די פרומע פלעמלעך אין די וואַקסענע ליכט.
און נישט די פאַרביקע בילדער, וואָס פאַראיידלען מײַן געזיכט,
און נישט די גײַסטרײַכע דרשות אין די טויזנטער קאַשציאָלן
טאָג בײַ טאָג.
קיינעמס מעשׂים וועלן נישט געוואויגן אויף מײַן צעבלוטיקטער וואָג:

— אלי, אלי למה עזבתּני?...

פון פראָכנע איז מײַן קרײַץ. פון גאָרנישט זײַן יקום.
נאָר די כמאַרעס, נאָר די שטורעמס וואַרפן אים נישט אום.

פון פראָכנע איז מײַן קרײַץ. שוין לאַנג געשלאָגן האָט די שעה.
און די שונאים, און די פרײַנט מײַנע — שוין לאַנג נישטאָ:
פּילאַטוס — אפר ועפר.
איש קריות — דער פאַרקויפער...
וואו איז זײַן געביין?

שוין לאַנג פאַרגעסן האָט די מדבר זײַן פאַרשאָלטן געוויין.
ירושלים — מער נישט די ייִדישע שטאָט.
יהוה — מער נישט דער ייִדישער גאָט.
בלויז מאַגדאַלענעס לידער בלאָנדזשיען נאָך אין ווינט.
און מײַן מאַמעס ביטער קרעכצן: — קינד, מײַן קינד...

און ישׂראל ווערט געטריבן פון אַ שטראָפנדיקער האַנט,

זײַן גורל — צו מײַנעם פֿאַרוואַנדט.

דו האָסט אין מיר, מײַן פֿאָלק, דײַן לעצטן פֿײַל געצילט,
דו האָסט אין מיר, מײַן פֿאָלק, דײַן לעצטן שפּיל פֿאַרשפּילט,
דו האָסט מיך פֿײַנט, מײַן פֿאָלק, איך בּין דײַן אייגן בּילד...

און צוויי טויזנט פֿרילינגן האָבּן געגרינט און געבּליט.
און צוויי טויזנט האַרבּסטן מיט גאָלדענעם יאוש געקנים.

צוויי טויזנט מאָל דרײַ הונדערט פֿינף און זעכציק זונען
מיט ראָזע מאָרגנס און קאָלירטע אָוונטן
איבּער מײַן קאָפּ צערונען.

פֿון פֿראָכנע איז מײַן קרייץ. פֿון גאָרנישט — זײַן יקום.
און דאָס מלכות-השמים הייבּט זיך אָלץ נישט אָן:
— אלי, אלי, למה עזבתּני?...

## דער אָרעמער יוחנן...

דער אָרעמער יוחנן טובלט אין ירדן,
טראָגט האָריק קעמל־פעל אויף די לענדן,
און עסן עסט ער שפּינען מיט האָניק —
טאָ וועמען וויל ער מיט קונצן בּלענדן?

דער אָרעמער יוחנן טובלט אין וואַסער,
מסתּמא האָסטו, טאַטע, אים מער נישט געגעבּן!
און איך וועל אײַך טובלען אין רוח הקודש,
אין אוראַלטע ווײַנען פון אייבּיקן לעבּן!

און וואָס טויג אַ זון, וואָס קען אייבּיק נישט שײַנען?
וואָס לאָזט בּירושה רק חושך און שאָטן,
און דורות נאָך דורות פאַרפּלאָנטערט אין פּײַנען,
אין פּײַן פון גלגולים, אין גיהנומס געזאָטן!

אָ, ווײ צו דעם דור, וואָס בּרענגט זיך פאַר אַ קרבּן,
און נישט אויף מײַן טאַטן־אין־הימלס מזבּח!
אָ, ווײ צו דיר, דור — דו בּיסט לאַנג שוין געשטאָרבּן —
פילסט אָן די געשיכטע מיט בּר־מנן ריח!

דער אָרעמער יוחנן טובלט אין ירדן
סקעלעטן, מצבות פון הר הזיתים.
און איך וועל אײַך טובלען אין רוח הקודש:
— אָ, פאָטער אין הימל! גיב גלויבּן די מתים.

## מען ווערט נישט...

מען ווערט נישט קיין דיכטער פון זאָגן פּיוטים אין חצות,
פּונקט ווי מען ווערט נישט קיין העלד מיט איין שאָס,
פּונקט ווי קיין חכמה קומט נישט אַ צולאַג צו ווײַסע האָר,
פּונקט ווי די אײביקייט ווערט נישט געגעבן איין דור.

עס האָט שוין נישט איינער געזאָגט זיך: — זינגען ווי דוד וועל איך,
און דאָך האָט אַ תּהילים געלאָזן בלויז איין דוד המלך.

רבונו-של-עולם! אַזויפיל ביבליאָטעקן, אַזויפיל ביכער —
און דער שכל בלײַבט תּמיד אַ קריכער,
ער קומט תּמיד נאָך די יאָרן.
אָך, פּופּציק יאָרלעך אָפּגעפאָרן,
און דאָס לעבן איז נאָך אַלץ אַ שפּיל אים,
און אָן קאַמף און וואָגלעניש, זאָגט ער,
וואָלט אַפילו דוד נישט געווען אַזאַ גרויסער דאָקטאָר
צו קענען צו יעדער קראַנקהייט פאַרשרײַבן אַ קאַפּיטל תּהלים.

אָך, אין דעם, ברודערל, שטעקט אַזאַ פײַנער רמז,
כּמעט קרוב לאמת.

ס'איז דוד, פּונקט ווי אַברהם, נישט איינמאָל אַ פּליט געווען,
אַ וואָגלער אַ מורד — און אומגליק געזען.
נישט איינמאָל פאַרשעמט, נישט איינמאָל צעקלעמט
נישט איינמאָל אָן אַ העמד
אויפן הייליקן עלענדן לײַב...
און די האַרפן-סטרונעס צופן די נשמה: — שלים-מזל, זינג, שרײַב...

„ה"ש, מה-רבו צרי"... אַזויפיל שנאה און שונאים,
אַזויפיל צעהיצטע זאַמדן סווישציען אין פּנים,

אזויפיל פרעמדקייט ווייעט פון אַשקלון און גז,
און פון יעדן פענצטער טרײַבן פלשתּים שפּאַס.

פון הייליקן לאַנד די גרעניצן צו שמוגלען
און אין פלישתים-לענדער וואָגלען, וואָגלען, וואָגלען..
און יעדער אויפגאַנג זאָל דערמאָנען אָן די הרי יהודה
און פרעגן מיט צעבּרענטע בּעטלער-ליפּן: — אפשר אַ רו דאָ?...

ווי מאָדנע דער גורל טאַשירט די קאָרטן!
אין אונדזער טראַגישסטער שעה
זײַנען תּמיד, ווי בּייזע שאָטנס, פּלשתּים דאָ...
און זיי פאַרשליסן נאָך עד־היום פאַר אונדז די פאָרטן.

ווען איבּער לאַנדאָן וואַקלט זיך די גזר־דין־וואָג,
אין פאַרשטיקטן כליפּענדיקן קלאָג,
און פאַלאַצן בּרענען, ס'צערײַסן זיך, ווי הערצער, די מויערן —
און לאַנדן פאַרשליסט פאַר אונדז די ארץ־אָבות-טויערן
און אין אירע הימלען בּלאַנדזשיען אויטאָמאַטישע בּאָמבּן
און צעבּרעכן אין איר לעגענדן-וואַלד די עלטסטע דאָמבּן...

און עס זײַנען נאָך נישט סעגרעגירט
און נישט קלאַסירט
די צעבּלוטיקטע קאַרטאָטעקן פון אירע אייגענע קאַטאַקאָמבּן...

וואָס האָט גרויס-בּריטאַניען פאַר אָן אָרעמען וואָגלער זיך צו שרעקן?
אָך, מען זאָל, חלילה, אין איידל בּלוט קיין אַנטיסעמיטיזם נישט וועקן,
מען זאָל דעם יידן־האַס אין איר בּלוט, דעם קאַלטן,
לאָזן טיף, טיף — זיך אויסבּאַהאַלטן,
און נישט קיין אַראַבער, נישט קיין טערקן
זאָלן דאָס געפיל אויף איר פּנים מערקן,
און איר פאַרדעקן דאָס געפיל מיט אַ צווייפּנימדיק רחמנות —

ווער טרײַבּט אין דײַן נאָמען דאָס לצנות,
גרויסאַצעאַנענדיק צור?

און איך בעט פאַר דײַנע מאַסטבוימער, ס'זאָל אין זיי בלאָזן גאָטס ווינט,
און זײַן פאַליע זאָל דיך פון אומגליקן אַרויסטראָגן,
און דײַנע קריגס־שיפן זאָל צבאות אָן קיין ווייסטע פעלזן נישט צעשלאָגן
איך בעט: — רבונו של עולם, גיב איר כּוח אויסצוטראָגן די קלעפּ,
וואָס זי האָט כּשר פאַרדינט.

געחתמעט איז פאַר איינעם דײַנעם אַ דור
דער גזר־דין פון אַ חורבן־לוויה,
און אויסגעדריקט מיט די הייליקע ליפּן פון נביא ישעיה
אין באַרימטן קאַפּיטל כ"ג —
און קיינער קען נישט איבערמאַכן דאָס וואָרט פון הימל.

## און דער רויך

און דער רויך פון דײַנע הויכע פאַבריקן־קוימענס אָטעמען
מיט בריסטן פולע:
— „גאולה!"

## בײַם זאַלץ־ים

און איך בין געווען בײַם זאַלץ־ים, מײַן קינד,
נישט װײַט פון די חורבות פון סדום.
עס רירט אין דעם ים נישט קײן װעלכל דער װינט,
קײן פּאַליע, קײן מורמל, קײן שום.

עס שװימט אין דעם װאַסער קײנמאָל נישט קײן שיף,
עס באָדט זיך קײן מענטש נישט אין אים.
קײן פישעלע שװימט נישט אַרום אין זײַן טיף,
אין זײַן לופט קײן פײגעלשע שטים.

ס׳דערפרישט נישט קײן גרעזל דעם װאַנדערערס בליק,
זײַן זאַמד־ברעג דאָס האַרץ נישט דערפרײט.
קײן פלאַטערל שטערט נישט זײַן שטילקײט, קײן פליג...
מען רופט אים: „דער ים פון טױט".

און תמיד פאַרשפּילט אין ניואַנס פון זײַן בלױ,
נישט פאַרבענקט צו די זאַמדן אַרום.
קײן פרײלעכן שמײכל, קײן זיפצל, קײן אױ...
ער גלאַנצט עגאָאיסטיש און שטום!

און װאַרפסטו אַ שטײנדל — צעברעכן זײַן גלאַנץ,
דאָס שטײנדל פאַרזינקט נישט אין טיף.
ס׳פאַרפישופן פאַרבן דעם שטײנדעלעס טאַנץ,
װי אַ ראַיץ אויף בריליאַנטענעם שליף.

מען זאָגט: ער איז גאָרנישט קײן קבצן, נאָר קאַרג,
און אוצרות באַהאַלטן זײַן גרונט.
דער חורבן פון סדום, עמורה באַרג —
זײ זײַנען זײַן שרעק און זײַן װאונד.

און איך בין געווען בײַ דעם זאָלץ-ים, מײַן קינד,
און איך האָב פאַרזוכט זײַן טעם,
איין טראָפּן... איך שפּײַ נאָך אין זאַמד און אין ווינט,
מיר ברענען די ליפּן זײַן סם.

## און פרעגסטו...

און פרעגסטו אויף מיר בײַ די ווינטן,
זיי בייזערן זיך: — נישט געזען!
און פרעגסטו אויף מיר בײַ די ביימער,
זיי שאָקלען די קעפּ אויף: — ניין!

און פרעגסטו אויף מיר בײַ די בלומען,
זיי זײַנען פאַרטון מיט דער בין!
און פרעגסטו אויף מיר בײַ די תבואות,
זיי קענען נאָר פויערשע זין...

און פרעגסטו אויף מיר בײַ די ימען,
פאַרשפּילט מיט קאָלירטער קרעל!
און פרעגסטו אויף מיר בײַ די פייגל,
פאַרטון מיט דער אייגענער זעל!

און פרעגסטו אויף מיר בײַ די כמאַרעס,
זיי זאָגן נבואה רק שוואַרץ,
דו האָסט נישט בײַ וועמען צו פרעגן,
טאָ פרעג-זשע, מײַן שוועסטער, דײַן האַרץ!

## גרויער פעלז...

גרויער פעלז, וואו אור־אלטע איכן
פליסן שטראָמיק אין מאָכיקן גרין.
נפשות, איילבירנטבוימלעך, קריכן
באַרג־ארויף, אין דורשט פון איך בין.

דאָ איז שוויַיגן פול חכמה און וואָגיק
און שטילקייט — די וואָגשאָל פון זיַין.
יעדער אָפּהאַנג באַהאַנגען מיט לאָגיק —
בורשטינען אין שיַין.

גרויער פעלז, שטילער זקן, חכם־עתיק,
אלטע פעמטונג, פאַר שטורעמס א ציל.
שיר השירים, ברכו נפשי, אָז ישיר, כהלת, איוב
דיַין מאָדערנע טעמאַטיק,
און געשיכטלעכער שטורעם פון צעיוושעטע ארמייען
אַ קינדער שפּיל!
דו ליבסט זילבער־שוים אין שווארצן פאליע־געפלאפל,
שפּילסט מיט גזשיווע פון כמאַרעם ווי אַ זיידע מיט קינד,
ליבסט נערוועאישן דונערם דינאַמישן צאַפּל,
און דאָס וויגליד פון נעפל אין ווינט —

ליבסט נאָך מער ווי דעם ליאַרעם
פון בחינמדיק כמארען
דאָס שוויַיגן...
ס׳איז דיַין שוויַיגן פאַר וועלטן אַ מאָס!
ס׳אַמוזירט דיך זאָס רגעדיק רעש פון פאַרביַיגיין,
ס׳אַמוזירט דיך מיַין צער און פאַרדראָס...

## איך קען אַ פרילינג...

איך קען אַ פרילינג, וואָס אייביק בליט און גרינט,
איך בין געווען אין לאַנד פונם אייביקן קינד,
איך האָב געזען די בלום פון רעגנבויגן־פאַרבן,
און ווער עס ריחט איר דופט, דער פאַרגעסט צו שטאַרבן.

כ׳האָב פנים אל פנים גערעדט מיטן בטל היש,
מיט פאָלק פון הויט און גײַסט, מיט פאָלק אָן בלוט און פלייש,
עס האַלט פאַר העכסטן גליק דעם לעצטן אויגנבליק,
עס באַגלייט דעם מת — מיט טענץ און מיט מוזיק...
און זײַנע בר־מננם פאַרלאַנגען נישט קיין קברים,
ווײַל הייליק איז די ערד, און טמאה זײַנען נפטרים.
אַ צוויי־דרײַ שייטלעך טרוקן האָלץ — און פלאַם:
עס ברענט דער גוף — נשמה שטייגט אויף צום שטאַם...

איך האָב געזען אַן אַנדער פאָלק,
אַ וואַנדער פאָלק,
וואָס קומט אויך אום במים ובאש...
און די גאַנצע וועלט איז מבטל זײַן יש,
און דאָס פאָלק פאַרמאָגט אויך אַ וואונדער־לאַנד,
אַ קינדער־לאַנד, אין שטיינער און זאַמד,
עס וויינט און וויינט פאַר אַ גרוישטיין־וואַנט,

## די פֿאַרטריבענע

און פּרי, גאַנץ באַגינען איז אדם געגאַנגען
די פֿעלזיקע געגנט, די פֿרעמדע, באַטראַכטן
און נאַרונג פֿאַר זיך און פֿאַר חוהן געפֿינען.
און אונטער דעם טויער, דעם כּרבים באַוואַכטן
זיצט חוה — די גאָלדענע האָר נאָך צעפֿלאָכטן,
אויף פּנים און בּריסטן אַריבערגעגאָסן,
און הערט אין דער שטילקייט די מאָרגנגעזאַנגען
פֿון יענער זײַט מויער, פֿון גרינעם גן־עדן,
און קען אין געדאַנק מיט דער היימאַט נישט שיידן.
זי הייבט אָן די ערשטע זכרונות צו שפּינען:
אַט בלאַנקען געוויטלט די עפּל פֿון וויסן
אין בוים נאָך און נעמען דאָס האַרץ איר געפֿאַנגען;
אַט זעט זי חדקל, דעם בלוילעכן פֿליסן
און טובלען איר מילך־לײַב אין לויטערן שפּיגל;
אַט זיצט זי פֿאַרשאָטנט אין וואַלד פֿון ציפּרעסן,
פֿאַרטונקט ביז די לענדן אין גראָזן און בלומען.
אַט קומט צו אַ לייב מיט אַ פֿרייד אין די אויגן
און לייגט צו די פֿיס זיך מיט ליבלעכן ברומען;
און ס׳פֿליט צו אַ פֿויגל מיט גאָלדענע פֿליגל,
און רופֿט איר אַ פֿרײַנטלעכן, ברייטן: — „גוטמאָרגן״!

און חוה דערשפּירט איצט אַ שוידער אַ קאַלטן
און הייבט איצט פֿאַרשטיין אָן, וואָס זי האָט פֿאַרלאָרן —
און קען מער דעם ציטער אין ברוסט נישט באַהאַלטן,
און חוה צעוויינט זיך מיט ביטערע טרערן.

און פּלוצלונג... זי שפּרינגט־צו צום אײַזערנעם טויער

און קלאַפּט מיט די פויסטן אין טיר פון גן־עדן:
— „אָ, עפנט, איר כּרבים! איך קען מער נישט לײַדן,
איך קען נישט פאַרלאָזן, איך קען נישט פאַרגעסן!
און מעגט איר מיט פלאַמיקע שווערדן צעשנײַדן
מײַן לײַב — קען איך אויך פון מײַן היימאַט נישט שיידן!"

דאָס ביטערע קלאַפּן פון חוהן דערהערן
די כּרבים, די היטער פון יענער זײַט טויער
און שטעלן פאַר גאָט זיך פאַר חוהן צו בעטן:
— „דו האָסט זי פאַרוואָגלט, דו האָסט זי פאַרטריבן,
פאַרשאָלטן מיט ווייטיק פאַר ערלעכן ליבן,
וואָס בלײַבט פאַר אַ פרייד נאָך דער מוטער פון מענטשן?"

דערבאַרמט האָט זיך גאָט אויף דער אָרימער חוה —
אַ מלאך נעמט אָן דאָס געשטאַלט פון אַ פּאַווע,
און ברענגט אויף באַשטראַלטע, בונטפאַרביקע פליגל,
חוץ וואַקסענע ליכטלעך, אויף שבת צו בענטשן —
און ווײַן אין אַ לאָגל, און אַנדערע מטעמים, —
נאָך קינדערשן שמייכל און פרייד פון אַ מאַמען...

## טאַנצן...

יאָ, טאַנצן, קינד, קום מיט מיר, טאַנצן —
פאַרוועבן פאַרגאַנגענע טעג אין אומענדלעכע גלאַנצן
פון אייביקייט.
כ'וויל טאַנצענדיק זינגען דײַן נאָמען,
פאַרוועבן די יידישע זילבן אין גאָלדענע זאָמען
פון אייביקייט.

## אַ צווילינג

אויף מײַנע פּאַטער־קניִען שפּילט זיך פרײַ אַ צווילינג:
פאַרגענגלעכקייט און אייביקייט —
און ביידע פלאַפּלען: — פּאַפּאַ!...

די פרייליכע פאַרגענגלעכקייט — זי שפּילט זיך מיט אַ ליאַלקע.
קושט די רויטע בעקעלעך,
קושט די אייגעלעך פון גלאָז,
דריקט איר קינד צום הערצל צו,
וויגט עס איַין,
זינגט: — ליו־ליו...
מאַכט פאַר גליק די אייגלעך צו...

און ווי מיט גרויע טרויער־האַרבסטן, מיט גרויסע, גרויע טרויער־אויגן
פאַרחידושט קוקט די שוועסטער אייביקייט צו דעם שפּיל זיך צו,
נעמט איר פאַרן הענטל אָן,
קושט פאַרדאגהט, שטום...

און ביידע טוליען זיך צו מיר, פאַרגענגלעכקייט און אייביקייט,
און מײַן האַרץ צעגייט, ווי אָנגעצונדן ליכט, ווען ביידע פלאַפּלען:
— פּאַפּאַ!

## פּאַרדאָן!

— פּאַרדאָן! — און שטעלסט מיר אויף די ליפּעלעך, מײַן קינד.
— פּאַרדאָן! — דו ווייסט, אַז איך וועל מוחל זײַן די זינד.
אַז דעם טאַטנס קרומער בליק וועט ווערן אויסגעגלײַכט,
און זײַן בייז־פאַרוואָלקנט פּנים אַ שמייכעלע באַלײַכט...

— פּאַרדאָן! — און ס׳קלעבן זיך די ליפּעלעך צום טאַטנס צו.
— פּאַרדאָן! — דאָס קלייניע קינדיש הערצעלע האָט ווידער רו.

און ווידער שפּילסטו זיך אויף טאַטנס ברייטער קני —
און גלעטסט אים און דו חנפעסט: — ליב דעם טאַטעשי!

אין אָוונט זינגט מיט דיר דער טאַטעשי זײַן קינדיש ליד,
און ער לייענט מיט דיר קריאת־שמע, ווי אַ פרומער ייִד,
און דו לייגסט זיך פריילעך שלאָפן מיט: — אַ גוטע נאַכט!
און דו ווייסט, מײַן קינד, ביסט זיכער, אַז אַ טאַטע וואַכט!

## אַ קלישע

עס איז יעדע רגע אַ קלישע,
אַ קלישע — בילדער פרישע,
אין אויג פון אָביעקטיוו.
רויט ליכט און פינצטערנישן
און כעמישע געמישן —
שווימט אויף אַ היראָגליף.

אַן אפכא־מסתברא דעם לעבן.
נישט יעדערן איז עס געגעבן
צו לייענען זײַן היראָגליף.
נישט יעדער קען וויאָסלעווען, שיפן
אין די געהיימע טיפן,
וואָס שפּילן מיט נעגאַטיוו...

## פלאַס דע לאַ קאָנקאָרד

איך בין אַ בלאָנדזשענדיקער אָבעליסק
אויף פלאַס דע לאַ קאָנקאָרד.
אויף מײַנע ליפּן שפּילט חרטומים־וואָרט,
מײַנע טיפן —
אומפאַרשטענדלעכע היראָגליפן.

איך אָטעם מיט בלום און פויגל און בוים,
מיט אַלעם, וואָס איז פאַרגענגלעך, ווי שוים,
ווי צײַט
און יעדער רונצל מײַן — אַן אייביקייט!

עס האָבן טויזנטער אַקסלען און הענט,
אין מדבּרדיקע זונען צעבּרענט,
אַהער מיך געטראָגן פון ווײַט...

איך האָב נאָך עד היום נישט דערקענט
דעם, וואָס האָט אַ פאַרחלומטן שטאָף,
מיך,
אויפגעריסן פון אַלטערטימלעכן שלאָף
און אַרײַנגעאָטעמט זײַן איך.

און אַרײַנגעוואָרפן אין געווירבל פון אויטאָ־שטראָם,
וואָס ראַלט, ווי פאַנטאַסטישע נפשות, אויפן גרונט פון תּהום,
דאָ, אין העלן רחבות פון נאַפּאָלעאָנישן לאַנד.
און ווי פּרעהס טענצערין, דער פאַרבּן־שפּילענדיקער אייפל־טורעם
לאָקט קאָקעטיש מיט קאָלירטן אָרעם
און פינקלט מיט באַפּערלטער האַנט...

איך בלאָנדזשיע, גראַניטענער זײַל, מיסטעריע,
אין דעם וואונדערלאַנד.

## בײַ מיצקעוויטשעס דענקמאָל

כ׳בין געקומען צו דײַן דענקמאָל
פרעגן אויף אַ וועג.
ס׳איז דײַן האַנט געשטרעקט אין ווײַטקייט:
— יענע ווײַטן פרעג!

און דער שטעקן שנײַדט די ווינטן
און די פּאָלע פליִט.
און די קניִ געשטרעקט צום וואַנדער,
ווי בײַ אַלטן ייִד.

דער טור־אײַפל גליִט אין פאַרבן,
קאָקעטירט דײַן טרוים.
און די סענע פּאַטשט אײַך בראַוואָ,
טאַנצנדיק אין שטראָם.

רונד אַרום די אויטאָ־פּאַליע,
זוכט דײַן אָטעם בלינד.
גאַסן — ברייטע, מאַמע־אָרעמס —
כאַפּן אויף דאָס קינד.

מן הצד: די צוויי קאַפּעען
פלירטעווען אינטים.
זיצערס, גייערס — ווי מאָטאָרן
בצלם אלהים.

איך אַליין, דער נע־ונד־מענטש,
שטיי דאָ אָן אַ וועג,
שטיי און שווײַג. דעם קאָפּ פאַרריסן
צו דײַן דיכטער־שטעג.

נישט דערשלאָפֿן, נישט דערעסן,
נישט דערטראַכט געדאַנק.
און געלאָזן שטיקער חלום
אויף אַ גאַסן־באַנק.

ברוינער מאַנטל אויסגעריבן,
אויסגעדרייט די שיך.
און דער ווינט צעווייט אין הפקר
שטיקער פֿון מײַן איך.

אַט דערנענטערט זיך אַן עולם,
קומט מיט פֿאָן און קראַנץ.
אַלטע שאָטנס, עולי רגל
צו דײַן רום און גלאַנץ.

אויסגעהאָרוועטע געזיכטער
אונטער פּוילנס פֿאָן
און אין יעדנס טונקעלער דאגה
צינדסטו יום־טוב אָן!

שטייען שווײַגנדיק פֿאַרנויגטע,
מורמלען שטיל אַ ליד.
ס׳ווערט אַ בלומען־קראַנץ אַ פֿרישער
באַהאָפֿטן צום גראַניט.

שטייען שווײַגנדיק פֿאַרנויגטע
פּוילנס טויזנט יאָר —
ס׳אָטעמט יעדע רגע שווײַגן
סודות פֿאַר מײַן דור.

## אויף מיצקעוויטשעס מאָטיוון

דער פּאָליאַק אין גלות איז נישט נע-ונד,
ווײַל נע-ונד איז דער, וואָס בלאָנדזשעט
אָן אַ צוועק. אַדאַם מיצקעוויטש

און נישט נע־ונד — נישט כּאַליאַסטרע קבצנים,
נישט סטאַדע הפקרים אין פעלד,
וואָס שלאָנדרעוועט זיך פון יאָרן ושנים
שלים־מזלם צו זײַן אויף דער וועלט!

מיר גייען, ווי יִצחק, אַ גרייטער צום קרבּן
און טראָגן די שפּענער צום פלאַם.
פאַר דעם, וואָס לעבּט אייבּיק — נישטאָ קיין געשטאָרבּן —
אָבּי אין געדאַנק נישט קיין פּגם!

מיר גייען, ווי יוסף — פאַרקויפטע פון בּרידער —
זיי מציל צו זײַן אין אַ נויט.
מיר זײַנען דער מאַן מיט צעבּלוטיקטע גלידער,
אַ גואל געקרײַציקט צום טויט!

מיר זײַנען דער קריסטוס צעווישן די אומות:
פאַר זיי איז אַ בּרויט אונדזער בּלוט...
מיר האָבּן צום תּליון אויך נישט קיין תּערומות,
דער תּליון — ער מוז, וואָס ער טוט!

געקאָרטשעט פון ווייטיק, געקנייטשט פון ענוויים,
געבּויגן פון פּײַנען אָן סוף —
מיר זײַנען דער האַרצמענטש צעווישן די פּראים,
געשיכטע, דײַן אַלף און תּיו!

## מאַסן...

מאַסן, פֿאַראיינען, גרופּן —
קינדער, וואָס לאַכן און וויינען
צו זייערע פּופּן.

און זינטער די וועלט שטייט איז גאָט נישט דערשינען
צו קיין שום געפּאַנצערטער האַנט!
ער רעדט אָפּט דורך פֿעלד־בלום, דורך גרעזלעך, וואָס גרינען;
דורך שטיינדלעך, דורך קרעמען, דורך זאַמד —

און נישט דורך די רעדנער' מיט צונגען געשליפֿן!

דער בורא אַנטפּלעקט נישט די אייביקע טיפֿן,
ווי עפּעס אַ זייגער, וואָס קלאַפּט אָפּ זײַן שעה,
און נישט אין פֿאַליי דע זשיסטים, בײַ באַראַ,
אין קונציקן פּשטל פֿון דײַן אַדוואָקאַט!

ער רעדט אָפּט אין ציטער פֿון האַרבסטיקן בלאַט,
און בלײַבט פֿאַר קאָנגרעסן פֿאַרריגלט אויף שלאָס.
איך פֿרעג נישט קיין סיבה — פֿאַר ווען, צי פֿאַר וואָס...
איך ליב די דיסקרעטע עניות פֿון שפּראַך —
איך בין נע־ונד — איך דאַנק פֿאַר אַ דאַך.

## זיי גייען מיר דאָ נאָך

זיי גייען מיר דאָ נאָך, די אַלטע תּפיסה־ווענט,
דאָ, אויף העל באַלויכטענע פּאַריזער בולוואַרן.
און מיט האַלב־גרויע און האַלב־שוואַרצע הענט,
גיריק — ווידער מיך אונטער קראַטעס צו פאַרשפאַרן.

זיי גייען מיר דאָ נאָך, די אַלטע תּפיסה־ווענט,
מיט דער שווערער טיר און מיט די קראַטן־פענצטער.
די ערד האָט שוין געציטערט אונטער זייער פונדאַמענט,
און לאַנג צעשאָטן... דאָך בלאַנדזשען זייערע געשפּענסטער.

און אַלע שאָטנס, וואָס האָבן זיך צווישן זיי געמאַטערט,
מיט לאַנג פאַרלאָזטע נעגל אײַנגעקריצט די נעמען זייערע לזכּרון
און אַלע טעג און נעכט, וואָס האָבן דאָרט געצאַפּלט און געפלאַטערט
מיט פליגל פון געפאַנגענשאַפט — אין יענע רגעס, ווי לאַנגע יאָרן...

זיי גייען מיר דאָ נאָך, די אַלטע תּפיסה־ווענט,
און מורמלען מיר דאָס לשון פון מײַן יוגנט.
דאָס לשון, וואָס האָט אין מיר מיט מדבר־סנה געבּרענט,
ווען אין געפענגעניש בין איך געזעסן זיגנד,

און מיט נצחון־שמייכעלע אָנגעקוקט דעם וועכטער,
און מיט אַ ביטול־שמייכעלע געקוקט אויף שלאָס און ריגל.
איך פלעג אָפט אויסברעכן מיט אַ געלעכטער
און אַ פּאַטש טון ווי אַ פויגל מיט די פליגל,

און אַ שוועב טון אין אַ בלויער רחבות...

זיי גייען מיר דאָ נאָך, די אַלטע תּפיסה־ווענט,
ווי אײַנגעפונדעוועטע בעלי־בּתּים אין מײַן זכּרון.

דו האָסט בײַ אונדז אַ יוגנט זוניקע פֿאַרשווענדט,
וואו זאָלן מיר אַהינטון אונדזערע גרויע יאָרן?

וואו זאָלן מיר אַהינטון יענע נעכט פֿון פּײַנען,
ווען מיר קרעכצן: — אױ, אַ סוף זאָל זײַן, אַ סוף!...
פֿאַר וועמען זאָלן מיר זיך קלאָגן, טענהן —
פֿאַרוואָס האָט מען געבוייעט אונדז צו זײַן אַ שטראָף...

צו וועמען זאָלן מיר די אַלטע הענט אויסשטרעקן,
אויב נישט צו דיר, אָ, יוגנט, מיט פֿאַרעקשנטן געדאַנק?
דו פֿלעגסט די שטיינער אונדזערע פֿון חלום וועקן,
דו, מיט דײַן אומשולדיקן, פֿרום־האַרציקן געזאַנג.

זיי גייען מיר דאָ נאָך, די ווענט פֿון אַלטע פּײַנען,
דאָ, אויף העל־באַלויכטענע פֿאַריזער בולוואַרן...
און זיי האַלטן אין איין טענהן, טענהן, טענהן,
און קוקן גיריק — מיך אין זייערע אָרעמס צו פֿאַרשפּאַרן...

## וואָס קומט אײַך אַרויס?

וואָס קומט אײַך אַרויס, אַז איר וועט מיך פֿאַרשווײַגן?
די פֿייגל אין הימל צעטראָגן מײַן ליד.
איר וועט מיך פֿאַרבײַגיין, און איר וועט פֿאַרבײַגיין —
און זאַמדן פֿאַרשיטן אומווירדיקע טריט.

די גרעזעלעך מורמלען מיט מיר מײַנע תּפֿילות.
דער רויש אין די ביימער... פֿאַרמאַכט זיי דאָס מויל.
עס לאַכן די בלומען פֿון אײַער רכילות,
עס לאַכט אײַער אייגענער ווידערקול.

שנײַדט אונטער די ביימער אַנטקעגן מײַן פֿענצטער,
מאַכט חרוב די נעסטן פֿון אונטער מײַן דאַך.
צעטרעט אַלע בלומען, אָ, פֿאָדלע געשפּענסטער.
עס בלײַבט נאָר דער ווינט, וואָס פֿאַרטיידיקט מײַן זאַך.

צעשפּרייט ברייט די מאַנטלען, צעשפּרייט אַלע פֿאָלעס,
און לאָזט נישט, דערלאָזט נישט אַ ווינט זאָל זײַן.
די וואָלקען, וואָס וואַנדערן אויבן אין גלות,
זיי טראָגן מײַן ליכט און פֿאַרשפּרייטן מײַן שײַן.

# איך פלאַטער פאַרבּרוגזט

איך פלאַטער פאַרבּרוגזט אין ווינט אַ פאַרגעסענע פאָן.
כ׳גיי קיינעם נישט אָן.
איך זע, ווי אַן עולם אַ פרעמדן, פאַרבּײַגייען מײַן שעה.
אָן אַ ניין, אָן אַ יאָ.

אַ חברישן עולם פון זעכציק מינוט.
מען גריסט נישט מיט שמייכל. מען ציט נישט די הוט.
ס׳באַגלייט זייער טריט מיט אַ ברוגזן עכאָ מײַן בלוט.
כ׳גיי קיינעם נישט אָן.

איך פלאַטער בּקול דממה דקה. איך פלאַטער אין הילך פון קאַנאָן,
איך מורמל מיט ווינטל אין בּלעטל פון סאָד.
און טענה אין כמאַרע מיט רוגזא צו גאָט.
פאַרטאַנצט מיט דער זון, צי פאַראָבלט, פאַרגרויט
אין אָשיקע שאָטנס פון טויט,
אַ צאַנקנדיק הוליען, ווי ליכט אין פאַרגיין —
איך פלאַטער פאַריתומט מיט זיך נאָר אַליין.
צי וועלן נאָך מיר דורות נאָכשרייען: — ניין!
צי וועלן מיט מיר דורות מיטרופֿן: — יאָ!
כ׳בּין פאַר קיינעם נישטאָ.
כ׳גיי קיינעם נישט אָן.
איך פלאַטער פאַרבּרוגזט אין ווינט אַ פאַרגעסענע פאָן.

## אהאספער

דאָרט הענגען אין שלאָפּצימער אַלטע מונדירן.
און ביקס. און פּיסטויל. און די שווערט.
און גאָלדענע קרייצן פון דײַטשלאַנדס אַרמייען —
און הפקר געלאָזט זיי — אָן ווערט.

דעם ספר היחסן פאַרנייט אין צילינדער,
די פאָלעס פון פראַק אינם ווינט.
עלעקטרי־ און גאַז־ און אײַזנבאַן־גרינדער —
צופוס גייט מיט ווײַב און מיט קינד.

לאַקייען ביי טירן. און ווייכע דיוואַנען.
און מילך־ווײַסע, מאַרמאָרנע טרעפּ.
די אוראַלטע ווינטן פאַריאָגן פון דאַנען —
גיי, שלעפּ זיך אין גלות, גיי, שלעפּ!

אַ פלאַם האָט פאַרטראָגן די שאַנקען מיט ספרים,
צערויבט איז דאָס גאָלד און קרישטאָל.
עס שלעפּט זיך אַהאַספער צעבראָכן און אָרעם,
צוריק צו דעם לאַנד פון אַמאָל...

## אָאַזיס

אָאַזיס מיט ביימעלעך דינע,
וואָס גרינען מיט אָפּיום־קאָשמאַרן,
מיט וואַסערלעך שמאָלע, ווי רינשטאָק,
און פול מיט מיקראָבן, וואָס נאַרן...

און בלענדן פאַרחלשטע אויגן,
און לאָקן די הערצער, וואָס דורשטן,
און לאָקן פאַרברענטע ליפּן —
ווי דעם, ווער די בלאָטע וועט זיפּן!

# אַלטע חשבונות

(פראַגמענטן פון לואוור-סקולפּטורן)

(געווידמעט מיט דאַנק
דעם דיכטער און האַרציקן פרײַנד
יצחק האַראָוויץ)

א.

## און אפשר?

און אפשר טאַקע זיך באַפרײַען פון דעם צלם-אלהים?
אַ מאַסקע — אויפן פּנים.
אַ גראַמאַפאָן — די שטים.
און דורות ושנים
פאַרדעקן מיט אַ מײַסטערהאַפטן גרים
דעם תּהום דעם טיפן,
און לאָזן זיך אָן מײַנע פעלזן צעבּרעכן פרעמדע שיפן —
וואָס קימערט עס מיך?
איך בין נישט מער ווי איך!

איך שפּרײַז איבּער פּאַריז מיט אויסגעדרייטע שיך.

איך שלאָנדער זיך אַרום,
פאַרחושט און שטום,
אין די האַלבּ-טונקעלע זאַלן פון לואוור.
איך וועבּ אַרײַן מײַן איך אין הבל-הבלימדיקן עבר:
איך שטיי געפּלעפּט פאַר אַ ריזן-לייבּ מיט מענטשן-קאָפּ,
אויסגעקנעטן אין ראָזן גראַניט.
כ׳באַוואונדער שוואַרץ־גראַניטענע ספינקסן: פּרויען-לייבּן.
כ׳באַחידוש אין ארון פון גרויען באַזאַלט די שלאַנקע געקריצטע
פריסטערין מיט הענט צו שטילקייטן געהויבּן.

איך בין פאַרזונקען אין פאַרשידענע סקולפּטורן —
זכרונות פון אַ סך טויזנט־יאָריקע נאַטורן:
גראַניטענע פּרינצן, פּריסטער, סקריבן.
זיי האָבן פּלאַימדיקסטע היראָגליפן געשריבן.
מצרים! דײַנע נאָמענלאָזע אייביקייטס־פּאָזשן,
וואָס באַגלייטן עד־היום דײַנע אומשטערבלעכע נפטרים
און שרײַבן דײַן געשיכטע אין די קונסט־ווערק־קברים,
אין די אייביק־פֿאַרחלומטע, טיפזיניקסטע סאַקראָפּאַזשן...

ב.

## בײַ אשורס מצבֿות

אין דעם גרויסן אַשור־זאַל: ריזן־אָקסן, אָקסן־געטער,
סקולפּטורן, וואָס פאַראייביקן אין גרויע אַלבאַסטער־בלאָקן
אַשורס גײַסטיקן שפּיגל —
די שור־הכּרם מיט גרויסע קלאָען און מיט ברייטע פליגל
און מיט מענטשן־קעפּ. לאַנגבערדיקע למדנים אַלטע
מיט בליקן אויסגעלאָשענע און קאַלטע —
גדולים, חשובֿים,
פאַרוואַנדלטע פון אונדזערע כּרובֿים.
מיט שטיינערנע קרוינען, מיט שפּיציקע הערנער באַצירטע,
צו שיצן דאָס הימלישע אויף אַשורס ערד...

ג.

## אין איין ווינקל...

אין איין ווינקל פון דעם זאַל
אַ דענקמאָל פרעסט מיר אויף די גאַל:

אַ דענקמאָל אַן אַכזר. אַ דענקמאָל אַ כּעסן.
אַן אָבעליסק אין מאַרמאָר ווייַסן,
פאַראייביקט שלמנאסרס אַכזר־פאַנטאַזיען
און פרעמדן זהורבן. קעניג יהו זע איך קניִען
און הינטער אים, געהאָרכזאַם בלינד,
שטייען קנעכט און רינד —
ישראלס קעניג! יהו קניִט
און קושט די ערד פאַר שלמנאסרס טריט,
פון בבלס געקרוינטן טיראַן...

יאָרטויזנטער — איין שפּאַן!

כ'אַנטלויף, אַנטלויף, אַנטלויף —

און אויפן באַזוניקטן ברוק פון לוואָר־הויף
וואַרפן קינדער שטיקלעך ברויט
צו אַ טשאַטע טויבן...

שטיקלעך ברויט פאַר קינדישן גלויבן.
און אין קאָלירטע לוואָר־שויבן
שפּילט נאַאיוו די זון.

אין זיך פאַרטון
שפּרייַז איך די קינדער און טויבן פאַרביי
און מורמל: — בעל־כּרחך אתּה חי!

ד.

## אין מעטראָ

איך פאַרלאָז דעם לוואוור מיט אַלע זײַנע גאונים.
אויף מײַן וועג אין מעטראָ ליגט אַ מענטש... איך
שווין אים.

אויף מײַן וועג אין מעטראָ ליגט אַ קרוע־בלוע
אויף די שטיגן.
זאָל ער ליגן!
אפשר אויך אַזאַ מין ספינקס, וואָס לעבט פון שהי פהי:
— ליבערטע, עגאַליטע, פראַטערניטע!
יעדער איינער האָט רעכט אויף זײַן אייגענעם ווײ;
רעכט צו טאָן, וואָס ער וויל מיט זײַן אייגענעם איך
און דו טרעט נישט אויף זײַן קאָפּ מיט דײַנע אויסגעקרימטע שיך.
אַ קאָפּ אַ רונדער — אַ דאַנטאָן; אַ שטרענגער בליק — אַ ראָבעספיער.
און מיד און קוים באַוועגלעך, אַ ליימענער בער.
און אַ טרוקן פאַרמעט־פּנים, וואו די נויט האָט אויפגעשריבן
איוב־געשיכטן... און מיט גומי אָפּגעריבן:
נישט פאַר יעדערן צו לעזן!
אַ דענקער מיט צעפליקטע הויזן!
אַ, לאָז אים ברענגען פאַר דער מענטשהייט יעדן טאָג אַ נײַעם גלויבן
אָן אויסגעוואַלגערטן אין מעטראָ־שטויבן:
ליבערטע, עגאַליטע, פראַטערניטע!
לאָז יעדן זײַן רעכט אויף זײַן אייגענעם ווײ!

ה.

## איה אחיך?

און אפשר טאָקע זיך באַפרייען פון דעם צלם־אלהים?
און אונטער די שטאָטישע בריקן, אין מאָטאָרן־גערויש,
באַגראָבן אויף אייביק די נאָגנדע שטים:
— איה אָחיך?
און לאָז זיך יעדער אויסגיין אַזוי, ווי אים איז ניחא,
און פאַרעמען זײַן איך אין ראָז־פאַרחלומטן גראַניט
לויט זײַן אייגענעם ספינקס־געמיט.
לויט זײַן אייגענעם טעמפּעראַמענט,
לויטן כּוח פון זײַנע אייגענע הענט.

## איר מעגט זײַן...

איר מעגט זײַן הערלאיש געזאָנען,
און דרײַסטער פון זשאן ד'אַרק —
די ווינטן צערײַסן די פאָנען,
און ס'ברעכן די העלדן דעם קאַרק.

בנינים פון שטאָל און בעטאָנען,
געשיצט פון געפאַנצערטע הענט,
זיי וועלן אײַך שיצן נישט קאָנען,
ווען ס'האָט זיך זײַן צאָרן צעברענט!...

# רמבם

— נישט שילדער, נישט שילדער
דעם ברוך הוא אין בילדער,
ניין, ניין, ניין —
ער איז דער
אל-איין
שבת-שבתון.

און בלויז די פרומע, געלערנטע לײַט
ווערן דורך לערנען פון גיהנום באַפרײַט,
און אַלע נשמות ריינע
זאָגן: — במהירו בימינו
אָמן ואָמן.

און אין אַרבע פינות העולם
באַקעמפט ער יעדן געטש און גולם
אין נאָמען פון ברוך הוא,
פון אייביקער רו.

פאַרחרמט און פאַרשאַנדערט,
דער רמבם וואַנדערט, וואַנדערט.

## אַזוי דערציילט ספּינאָזע ...

(נאָכגעזונגען מיט דאַנק
א. אַלמים ניגון)

נישט שייך בײַ דיר מעטאַמאָרפאָזע,
ס ו ב ס ט א נ ץ, ערשטע סיבה, א ל - א י י ן!
אַזוי דערציילט פון דיר ספּינאָזע,
און שווער איז צו פאַרשטיין.

מיליאָנען וועלטן וואַנדערן
געפאַנגען אין בלי־מה,
געשמידטע איינס צום אַנדערן,
דו רוסט ... דו ביסט נישטאָ ...

עס אײַלן פעלקער פאַר דײַן טיר
מיט גוטער און בייזער טאַט,
און דו טוסט זיך נישט קיין ריר,
דו רוסט ... לעולמי עד!

כאַאָטיש, אין איין שרעקעניש,
צעטומלט לויפט די שעה,
א יאָמערניש, א וועקעניש,
דו רוסט ... דו ביסט נישטאָ ...

קיין שרייפעלע זיך נישט באַוועגט
אָן דײַן שאַרפן בליק,
דאָך בלײַבט דײַן ריינקייט אומבאַפלעקט
אין דעם בלוטיקסטן קריג ...

איך בין א וואָגלער א שטויביקער,
א ווינטן־נעסט בין איך!
און אין ד ײַ ן צ ל ם, אָ, אייביקער,
פאַרחתמעט מײַן יעדער שטריך.

## נאָך אַ טאָג

נאָך אַ טאָג אויף אונדזער ערד!

נאָר אַמאָל קומט דער בוים אַרײַן דורכן פענצטער
ברייט־צווײַגיק, גרין־בלעטערדיק, לילאָווע די בליטן,
און יעדעם בלאַט באַזונדער דורכזיכטיק, מיט אָדערלעך גראַווירט:
וואָלט אונדזער מיניסטעריום געקענט דעם מעטר פון דעם בוים,
וואָלט מען זיכער אים באַשאָנקען מיט אַ לעזשיאָן ד'האָנויר.

מיט אַ מאָדנער רואיקייט קוקט ער הײַנט מיך אָן.
ווי ער וואָלט די נאַכט נישט פילן איבער זיך,
דאָס אומרואיקע ציטערן פון די ווײַטע שטערן,
נישט אײַנזאַפּן אין זיך דאָס מיניען זיך פון פאַרבן
בעת די שקיעות פון טאָג און נאַכט.

ווי פאַרגעסן לגמרי, אַרוים פון זינען
די טרויעריקע אלולס, דעם קדיש פון די ווינטן,
דאָס טראַגישע געררויש פון פאַרוועלקטע בלעטער,
וואָס לאָזן זיך פאַרגעלטע אין הארבסטיקן גרוי,
אין נעפּלען אומבאַקאַנטע אַפריכטן גלות.

ברייטצווײַגיק ביסטו, בוים. פילבלעטערדיק ביסטו, בוים.
נאָר דוכט זיך אָן זכרון.
זקן! הינטער דיר שטייען אַזוי פיל אומגליקן,
אַזוי פיל הארבסטן און ווינטערן.
פאַר דיר אַזוי פיל אומבאַקאַנטער גורל,
און דו קוויקסט זיך גליקלעך מיט דײַן ביסל
גרינס און בליטן...

נאָך אַ טאָג אויף אונדזער ערד!

# אינטימער שכן

צי ביסטו צופעליק אזא אינטימער שכן, בוים?

יעדן מאָרגן עפן איך פאַר דיר דעם פענצטער מײַנעם, קום!
אָטעם מיט דײַן גרינעם רחבות אין מײַן ד׳ על ד׳,
דו קענסט מיך גוט מיט אַלע חפצות מײַנע.
איך באַהאַלט פאַר דיר נישט בײַנאַכט מײַן לײַב,
ווען איך שטיי אַ נאַקעטער פאַרן שפּיגל
און באַטראַכט דעם פּלא שבפּלאים — מענטש,
און חזר אין זיך איבער: — מבשרי אחזה אלוה...

און דו קוקסט נײַגעריק דורכן פענצטער,
באַטראַכסט מיך, ווי דער עץ־הדעת האָט מיך באַטראַכט
אין ערשטן טאָג פון דער יצירה,
אין ערשטן אָוונט... דעם טונקעלן וואַל
אַריבערגעוואָרפן איבער דײַנע ברייטע אַקסלען
און געקרייזלטן, געדיכטן קאָפּ —
כ׳זאָל זיך כּלומרשט נישט פאַרשעמען.

צי ביסטו צופעליק אזא אינטימער שכן, בוים?

אָדער אינם דריטן טאָג פון דער יצירה,
ווען דער בורא האָט אַרויסגעזאָגט: — תּוצא הארץ עץ! —
האָט ער דיך געהאַט אין זינען — אָט די גרין־דורכגעלויכטענע בלעטער דײַנע,
אָט די צווײַגן מיט די לילאַ־בליטן דײַנע,
אָט דאָס שלענגלענדיק וואָרצלען זיך אין באָדן,
און דאָס רײַסן זיך צום בלויען רחבות פון בלי־מה,
און דאָס אָטעמען מיט דופּטן גרינע...

און אָנגעצייכנט איז מקדמא דנא
דאָס אָרט אין דער יצירה:
בשנת... בחודש... זאָלסטו זיך חברן מיט שמואל יקיר בן יעקב,
אַן עדות זײַן פון אַלע זײַנע מעשים,
מיט שײַן באַחנען די געדאַנקען זײַנע,
מיט שאָטן פאַרהילן די הרהורים רעים...

און איך — איך זאָל זוכה זײַן צו האָבן פאַר אַ שכן
אַן אייניקל פון עץ הדעת.

אָדער דו ביסט צופעליק אַזאַ אינטימער שכן;
עמיץ האָט פאַרפלאַנצט אַן אומבאַדייטנדיקע זרע אינם באָדן,
צופעליק, און נישט על פי השגחה ביסטו אַרויסגעוואַקסן
אונטער מײַן פענצטער,
און בלויז על פי מקרה האָבן מיר זיך דאָ באַגעגנט.
דו ביסט נישט מער ווי אַ קינד פון דײַן מין: אַ פשוטער צמח.
איך באַפאַרב דיר דײַנע בליטן,
איך באַאָטעם דיך מיט רוח-חיים,
איך באַהענג דײַן גולמדיקע שטילקייט
מיט שווײַגן,
דײַן אומזיניקן גערויש
מיט שטים,
איך בין אויף דיר מאציל מײַן צלם-אלהים.
און איך בין דער גראַווירער,
וואָס באַוואונדערט זיך אין זײַנע ווערק.
און דו, פלא, בוים,
דו ביסט נישט מער ווי אַן אָפּגלאַנץ
פון אַן אַנדער פלא-שבפלאים: מענטש.

דו ציטערסט בלויז אין יענער רגע,
ווען נאַאיווע מלאָכים פרעגן: — מה אנוש כי תזכרנו?

צי ביסטו צופעליק אַזאַ אינטימער שכן, בוים?

## נאָך רוסאָ

נאָך רוסאָ, לאַמאַרטין —
האָט דײַן זינגען אַ זין ?

נאָך היגאָ, באָדעלער —
וואָס קענסטו זאָגן מער ?

נאָך רימבאָ, נאָך ווערלען —
וואָסער ווערט האָט דײַן פּען ?

מאַלאַרמע, אַנדריי זשיד —
דערגרייכט טיפער דײַן ליד ?

פּאָל־וואַלערי, קלאָדעל —
ברענגסט אַ נײַעם... אַ זעל ?

גייסט פאַרטראַכט און פאַרחושט —
פון דער ווענוס געקושט !

ס'פינקלט שאַמפּאַן־עליזיי —
פוילסט אין נחומס קאַפע !

דו ווילסט זינגען פּאַריז —
אָט דעם גלית, דעם ריז.

אָט דאָס הארץ פון די שטעט —
סאַקראַקער און מעטשעט...

מאַדעלען, נאָטור־דאַם —
ס'אי' דאָך טמא מסתם.

ס'אי' דאָך קלויסטער, נישט מער !
און ווי קומסטו אַהער ?

— אָט די פײַנע סקולפּטור
ס'איז אַ פרעמדע נאַטור...

אוּן וואָס זוכסטו אין לוּאוור ?
נישט דײַן יִדישער עבר !

און פאַרגעלט און פאַרגרינט
הענגט דאָ מאַמע מיט קינד.

— און רק קריסטוס און צלם
און גוישער עולם !

— פּאָלי-בּערזשערע איז זים
און אויך דאָס איז פּאַריז :

דימענט-גלעזלעך צעגלאַנצט.
און אַ פּיסל, וואָס טאַנצט.

אָט די מיידלעך... גיי ווײס ?
פאַרפּומען מיט שוויים !

דו ווילסט זינגען פּאַריז ?
— יאָ, ווײַל זינגען איז זיס !

— רי ראָזיע, בּעלעוויל
גרוי-אַלטמאָדיש מײַן ציל !

די בּאַשאָטענטע ווענט,
ווי פון גרויקייט צעבּרענט.

און דער ייִד, וואָס דאָ לעבּט,
ווי אין שמאַטעס פאַרוועבּט.

ס'איז נײַמאָדיש דאָס קלייד,
און מיט אַלטקייט בּאַנייט.

שמעקט מיט שטעטל, פּראָווינץ.
און מיט שטאָלצקייט פון פּרינץ.

כ׳בין אַליין עטראַנזשער —
ס׳איז מײַן ברודער אַ גר.

בײַ אַ זינגער־מאַשין
בענקט צום ביטעלע גרין

אַ צעשראָקענע זעל —
אין האַלב־טונקלען האָטעל...

יעדער שאָרך, יעדער ריר,
יעדער קלאַפּ אין דער טיר —

דערשרעקט און צעבּרעכט:
מ׳איז אוים מענטש, גאָר אָן רעכט...

די קאַרטע, פּרעפעקטור —
ס׳איז אַ צווייטע נאַטור.

ווי אַ מאָגן, וואָס מאָנט —
איז דאָס אײַך נישט באַקאַנט?

אַ פּאַפּירל איז קראַנק —
עס צעבּרעכט דעם געדאַנק.

זיץ אין מאַנטל און ניי —
יעדעם ביינדל טוט וויי.

און דיך שווידערט פאַר קעלט,
דער טיקטאַק איז דײַן וועלט.

די מאַשין וואַרפט אַרוים
אַ הויז נאָך אַ הויז.

וואַקסט אַן סחורה אַ פּאַק —
שנעל פּאַרוויקל אין זאַק...

ווייַל פון מאָרגן ביז שפּעט
רק מען וואַרט אויף „אנקעט”.

דער באַאַמטער, ער קומט —
מ׳איז אָן לשון, פאַרשטומט.

און פאַרגעלט און פאַרגרינט.
נאָך אַ גליק — מ׳האָט אַ קינד!

זעסט אין ווינקל אַ וויג —
זעסט אַ ליכטיקן בליק.

לעבּסט אין קבר, אין גרוב —
און ס׳איז ליכטיק די שטוב!

פול באַלויכטן און העל —
מען פאַרגעסט: ס׳איז האָטעל!

ס׳איז די איינציקע טרייסט —
אפשר טאַקע... ווער ווייסט?

אין דעם קינדישן זכות —
וואַרט אַ גוטן באַשלוס!

ס׳ליגט באַהאַלטן, פאַרגלעט
די מאַשין אין דעם בעט.

און דאָס טישל פאַרדעקט —
מיט אַ טישטוך באַפלעקט.

און באַאַמטער באַטראַכט
פול מיט חשד און פאַרדאַכט

אויפן בענקל דעם שטאָף...
ער פאַרשטייט: ס'איז אַ בלאָף!

אָבער דאָך אַ פּראָנצויז —
און דער רחמים איז גרויס!

יאָ, מען איז עטראַנזשער —
און מען אַרבעט דאָ שווער.

נאָר ווער קלאָגט זיך דען, ווער?
ס'איז דאָך פּראָנט פּאָפּולער!...

ס'אי' דאָס לעבן דאָ זיס —
מען איז פריי אין פּאַריז!

## צוריק!

עס שרעקט מיך נישט אָפּ מער די דרילכענע טאָרבע
צו טראָגן מיט שטריקלעך אַרום האַלדז־און־נאַקן.
צעטיילן פאַר פרעמדע, וואָס איך האָב דערוואָרבן,
און אַלץ, וואָס איז ליב און אין האַרץ אײַנגעבאַקן...

אַרײַנקריכן ווידער אין לאַנגער קאַפּאָטע
און אין אַרבע כּנפות מיט ציצות מיט לאַנגע.
פאַרבײַטן קאָנקאָרד אויף אַ שטעטעלשע בלאָטע,
מוזיק־האָלס, טעאַטערס — אויף תּפילות אויף באַנגע.

כ'וועל אויסטון דעם הוט. איך וועל אָנטון אַ היטל.
במקום ווײַסן קראַגן — אַ רויטע פאַטשיילע.
— מיסיע פּרעזידענט! — יאָך בין מוחל דעם טיטל:
יאָך הײם צוריק חיים, מײַן פלוניתטע — ביילע!

כ'וועל ווערן באַוואָקסן מיט באָרד און מיט פּאות!
הגם איך בין זיכער — דאָס וועט מיר נישט קליידן.
די וועלט האָט מײַן פּנים אַ נאַקעטס געזען,
און שווער וועט איר זײַן מיט מײַן אָנבליק צו שיידן!

נאָך נעכטן גערעדט אויף אַ מיטינג אַ גרויסן,
צעשויבערט די האָר און צעפּלאַקערט דאָס לשון.
און הײַנט — שטומער בעטלער! טאָ וואָס איז ער אויסן?
מסתּמא, אַ ייִדעלע זוכט זיך דעם גראָשן!

כ'וועל זײַן למד'־וואָווניק. כ'וועל נע ונד וואַנדלען,
און טראָגן גאַטס ווערטער צום חי און צומח.
איך האָב אײַך געגנוג, אײַער אַרבעט און האַנדלען!
כ'פּיל אין זיך דערוואַכן אַן אַנדער מין כּוח...

און צײַט יצר הרע נאָך צו ביבליאָטעקן,
דאָס האָרץ איז פאַרוואָקסן מיט טריפהנע ספרים...
כ׳בין מוכן אויך זיי פון מײַן האַרץ אויסצומעקן,
די טויטע געדאַנקען, געדאַנקען — נפטרים!

די שוימיקע דרשות פון ראַדיאָ נישט הערן,
כ׳וועל פרום זיך פאַרטיפן אין רמבמס צוואה,
בײַנאַכט, אויפן שליאַך, אונטער פינקלענדע שטערן,
באַגעגענען וועל איך בעל שם, אליהו.

מגלה זײַן וועלן זיי רזין פון קיום,
דעם שם המפורש — די קראַפט איבער קרעפטן!
און פונקט צו חצות וועלן מיר מאַכן אַ סיום
פון עפּעס אַ סוגיא, וואָס וועט אונדז באַהעפטן

מיט יענעם געהיימען פון אהיה אשר אהיה,
וואָס שפּילט אין באַהעלטעניש מיט שאַרפסטן בעל שכל,
וואָס בלײַבט פאַר די פקחים פאַרמאַכטע קמיעה,
וואָס חנפהט דעם עניו מיט קינדישן שמייכל.

וואָס קימערן מיך די מאָטאָרן, מאַשינען?
די קוימענס די הויכע מיט רויכן פון גיהנום!
ס׳געוועגט דאָך צו נעמען אַ שם זיך אין זינען,
און גליקלעך צו מאַכן סײַ זיך און סײַ יענעם!

כ׳וועל שווײַגן, פאַרשווײַגן מײַן עזור כנגדו —
מײַן פלוניתטע מײַן איך... און לאָז זי דאָרט ריידן:
— אַ מאַן, אַ לאָ יצלח! אַ מאַן אַזאַ שמעגדע!
— געפעלט דיר נישט, ווײַבל? קום, לאָמיר זיך שיידן!

כ׳וועל שלאָפֿן אין פֿעלד, צווישן גראָזן, במנוחה.
און איַינזאַפּן אין זיך גאָטס זומען און רוישן.
פֿאַרגעסן די שטאָט מיט איר גײַסט־זאַװיערוכע,
פֿאַרגעסן די הינט פֿון מצרַים ביז גושן!

פֿאַרגעסן עלעקטרישע נעכט אויף בולוואַרן,
וואו ס׳שלאָפֿן אויף בענק, ווי די הינט, מײַנס גלײַכן.
פֿאַרגעסן די מיידלעך אין ראָג טראָטוואַרן,
וואָס ווינקען: — שערי! — און ווי קעצלעך זיך שלײַכן...

די רויטע לאַמטערלעך אין „רי דע בלאָנדעלע",
וואו ס׳גייט וויסטער „האַנדל" מיט ווײַב־פֿלייש, פֿאַרגעסן!
עס פֿײַניקט אַזוי און עס נאָגט אוים די זעלע —
עס עקלט פֿון מענטשן אויף גאַנצע מעת־לעתן!

פֿאַרגעסן! פֿאַרגעסן!... און אפֿשר? געדענקען
און ווערן דער סימבאָל פֿון שטילע פּראָטעסטן?
און גיין איבער שטעט מיט שמייכעלעך קרענקען
די מײַסטער, די גרויסע, פֿון גיפֿטיקע נעסטן...

בין מוחל די באַנען, די אַעראָפּלאַנען!
ס׳געניגט מיר אַ פּשוטער קפֿיצת הדרך —
דעם מעטראָ, דעם מעטראָ — לגנאי נישט דערמאָנען:
דאָרט פֿלעג איך אָפֿט שלאָפֿן נאָך עבֿודת פּרך!

עס שרעקט מיך נישט מער די דרילכענע טאָרבע
צו טראָגן מיט שטריקלעך אַרום האַלדז־און־נאַקן.
צעטיילן פֿאַר פֿרעמדע, וואָס איך האָב דערוואָרבן,
און אַלץ וואָס איז ליב און אין האַרץ אײַנגעבאַקן!

## דו ביסט מײַן פּאַרטיי...

דו ביסט מײַן פּאַרטיי, מלך מלכי המלכים!
הגם, פֿאַרנעפּלט זײַנען דײַנע דרכים.

איך האָב דיך געזוכט אונטער בלערליי פֿאָנען,
מען האָט מיר פֿאַרבאָטן דײַן נאָמען דערמאָנען.

איך האָב דיך געזוכט אין „אונטערגרונדן" —
עס טריפֿט דײַן בלוט אין מײַנע וואונדן...

## מען איז אַרויס פֿון שטוב...

מען איז אַרויס פֿון שטוב, אין געאײַל,
און ווער זאָל וויסן?
מען איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווײַל
און נישט קיין צײַט געהאַט מיט ישוב־הדעת צו באַשליסן,
מען איז אַרויס פֿון שטוב אין איין העמד,
און אַזוי פֿאַרוואָרפֿן אין דער פֿרעמד.

מיר האָבן נישט געוואָלט אַנטלויפֿן פֿאַר דײַן אָטעם,
און נישט געהאַט אין זינען זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר דײַן גײַסט.
אין אַלע הימל־הייכן האָבן געליאַרעמט דײַנע משפּטים
און אויפֿן גרונד פֿון ים, טיפֿער פֿון סאָבמארינען, דײַן צאָרן רײַזט...
און קיין אויפֿרײַס הילכט נישט העכער פֿון דײַן דונער,
קיין פּראָזשעקטאָר לײַכט נישט טיפֿער פֿון דײַן בליץ;
קיין דינאַמיט רײַסט נישט מעכטיקער די בערג פֿון דײַנע לאַווע קנוילן,
און קיין בן אָדם פֿירט נישט אויס אַזוי פּינקטלעך אַ ווערק
ווי די קערענדלעך, וואָס אין אונטערגרונט פֿוילן...

און דו וועסט אונדז צוריקגעבן אַ היים,
ווער ווייסט צי פון ציגל, פון האָלץ, צי פון ליים,
און, אפשר, פון גאָר אַ נײַעם מין מעטאַל,
געקנעטן אין ליכט פון דײַן חסד־שטראַל...

און ווען ס׳וועט זײַן דײַן רצון,
מיר וועלן פּינקטלעך קומען,
מיר וועלן ווי דומם שטומען.
מיר וועלן דיר נישט טראָצן,
מיר וועלן נישט אַנטלויפן פון קברם ד׳ אמות,
אויב די ד׳ אמות זײַנען פון דײַן חסד באַשערט,
יאָ, אויב עס איז באַוויליקט ווי אונדזערע טאַטע־מאַמעס,
זכרונם לברכה, צו רוען... אין אַ ליבער ערד.

## נעם איך וויינען...

נעם איך וויינען, נעם איך בעטן,
נעם איך תהילים זאָגן.
יעדעס וואָרט באַקלאָגט זײַן טויטן —
קען פאַר מיר נישט קלאָגן.

קען נישט קיין שום וואָרט באַנעמען
מײַן פאַריאושטע וווּנדן.
ס׳הייבט נאָר אויף די לאַנגע ברעמען —
בלוטיקן אונטערגרונדן...

תהילים־ווערטער, אַלט־נאַאיווע,
אָנגעטאָן אין שוואַרצן.
קומען ווי אבלים, שבעה
אָפּריכטן אין האַרצן.

## אָט דאָס טאַקע איז עס?

איך האָב מיט מײַנע טרערן געוואַשן
די סטעמפּלען פֿון כּל המיני וויזעס,
געשמייכלט מיט קאָמפּלאַזשן,
זיך אַליין נישט געגלויבט: — אָט דאָס טאַקע איז עס?

דאָס זײַנען די אותיות, די שרײַפֿלעך צום מאָטאָר,
די שליסלען צו טירן פֿון באַן און פֿון שיף.
ער האָט זיך געבייזערט. געגעבן דאָך האָט ער:
— אַ וויזע!... אַ וויזע!... ווי געטלעך און טיף.

די פֿרײַנט מײַנע וועלן באַטראַכטן מיט קנאה,
און לייענען אַהין, און לייענען צוריק:
— „אָט זעסט דאָך... בפּירוש: טראַנזיט... פּאַלעסטינע
און אינדיע... און ווײַטער... אַ גליק! סאַראַ גליק!”

פֿאַר אויגן מיט חורבן וועט פּייזאַזש זיך בײַטן,
מײַן טרויער פֿאַרבינדן מיט נאָך אַ שטיק וועלט,
כ׳וועל אײַנזאַפּן אין זיך די לענדער און צײַטן,
וואָס האָבן נביאים באַזעלט און געקוועלט...

און דאָס אויך פֿאַרלאָזן. און וואַנדערן ווידער
און וואַכן לאַנג פֿירן געשפּרעך מיטן ים,
דערציילן די וועלן פֿון שוועסטער און ברידער,
וואָס ווערן ווי פֿישלעך געפּרעגלט... גלאַט, סתּם!

איך האָב מיט מײַנע טרערן געוואַשן
די סטעמפּלען פֿון כּל המיני וויזעס.
געשמייכלט מיט קאָמפּלאַזשן
זיך אַליין נישט געגלויבט — אָט דאָס טאַקע איז עס?

## דער ווינט

עס רײַסט מיר דער ווינט די צײַטונג פון האַנט,
וואָס וויינט ער, וואָס וויל ער, דער ווינט?
צי ברענגט ער אַ גרוס פֿון מײַן חרובן־לאַנד,
צי יאָמערט ער סתּם אַזוי בלינד?

עס רײַסט מיר דער ווינט די צײַטונג פון האַנט,
וואָס וויינט ער, וואָס וויל ער, דער ווינט?
זײַן עלנד געוויין עס דערמאָנט... עס דערמאָנט
די יללה פון יתומדיק קינד...

עס רײַסט מיר דער ווינט די פּאָלעס, די הוט,
וואָס זוכט ער, וואָס וויל ער דערגיין?
צי וויל ער דערשפּירן דעם טעם פון מײַן בלוט,
צי וויל ער מײַן טרויער פאַרשטיין?

עס האָבן אין פּוילן זיך קברים צעגרינט,
די מתים, זיי קלאָגן בײַנאַכט.
דאָס מתים־געוויין לאָזט נישט רוען דעם ווינט —
ער האָט מיר דעם יאָמער געבראַכט...

## שפּיל אין קאָרטן

שפּיל אין קאָרטן, שפּיל אין שאַך.
שפּיל, פאַרשפּיל דײַן טרויער;
שפּיל דײַן שפּיל... צו שווער דער יאָך
פאַר אַ קאָפּ אַ גרויער.

פאַרגעס אָן וואַרשע. פאַריז פאַרגעס.
פאַרגעס דײַן וועג אין פלאַמען —
פאַרגעס אָן „ראָבאָט", גולם־נס,
וואָס סמט אָפּ הימלען, ימען.

טאַנץ אַ פאָקס־טראָט, רומבאַ־טאַנץ,
און מיט וויסקי פאַרגיסן.
פאַרקויפט דײַן דימענט... אַ גלעזל גלאַנצט,
לאָז קיין טרער נישט פליסן.

נישט דערהאַלטן לאַנג קיין בריוו,
קיין שלעכטס נישט, גאָט צודאַנקן!
און לאָז דעם אומעט נישט נאָגן טיף,
פאַרטרײַב די בייזע געדאַנקן.

שפּיל אין קאָרטן, שפּיל אין שאַך,
שפּיל, פאַרשפּיל דעם טרויער.
שפּיל און שפּיל — צו שווער דער יאָך
פאַר אַ קאָפּ אַ גרויער.

## ווער?

אוודאי, אוודאי —
דאָס געהער צום פאַראַד... ע?
ס'וועט זײַן אַ משפּט.
אמת, אַביסעלע צו־שפּעט...

די שליחי צבור פון פעלקער מכּל המינים
אַרום אַ ברייטן טיש אַ גרינעם
וועלן פירן אַ שקליה וטריה
מכּח אונדזער צער... יאָ!
יאָ... אין ראַדיאָ וועט הערן יעדער שמיעה:
— מען גרייט פאַר היטלערן אַ תּליה! —

און, בינו לבינו, וועט עמיץ עמיצן אונטערקויפן,
און פּונקט ווי דער „דוטשע" אין איטאַליע,
וועט, דורך אַ קליינעם טעות פון דער פמליאָ,
אויך דער „פירער" אַנטלויפן...

ווען די שווערדן שרעקן זיך צו בלוטיקן,
די קרבנות — צו נקמה צו דערמוטיקן,
און גאול הדם שווײַגט דיפּלאָמאַטיש...

ווער וועט מעיז זײַן צו זײַן קטוגר ביי אַזאַ טיש?

מיט די ציין אַ קריץ טון,
מיט די אויגן אַ בליץ טון,
מיטן פוס אַ טופּע טון: — „געוואַלד!..."

איך בין נישט אַזוי קלוג,
איך בין נישט אַזוי קלוג...

## זעלנער, דו ביסט דער וועטאָ!...

אין נע-ונד קוואַטיר,
פּליטים-רעגימענט,
מיט געבײַלטע הענט
אַ שיר.

אונדזערע זעלנער בלוטיקן אויף אַלע פראָנטן
אין פרעמדע מונדירן.

אונדזערע פּילאָטן — אין פרעמדע האָריזאָנטן
דאָס לעבן פאַרלירן.

אונדזערע אינוואַלידן — פאַר שטיף-מאַמע-לאַנד
פֿאַרלוירן — דער אַ פֿוס, דער אַ האַנט,
און ווער — מיט געשטיקעוועטן שאַרבן,
און יענער אָן אַן אויג... זוכט די וועלט פון פאַרבן,
און נאָך אַן אַנדערער, פרײַנט — פאַרהער אים,
ער לעבט, דוכט זיך, מיט פרעמדע, אַרײַנגעניייטע גערערים.

און טאָפּלט שמערצט אונדז, זעלנערל, דער וויי,
און טאָפּלט בלוטיקט, ברודערל, די וואונד —

חזק! דעם מוט נישט פֿאַרליר!
טאָפּל דרײַסטקייט. מאַרשיר
פון דײַן גורל געפאָרעמט,
מיט דײַן מזל געאָרעמט —

גיי:

אַרום דער ערד אַרום, רונד —
אין דער זעלנערשער ריי
מיט דײַן ביקס, מיט דײַן טאַנק,
מיט דײַן גרויסן געדאַנק:

אונטער צווייַגן פאַרשטעקט
מיט קאַנאָנען אין פעלד,
אונטער שנייען פאַרדעקט,
האַלב־געפראָרן אין קעלט,

אויף צעגאָסענע וועגן,
ביזן גאַרטל אין ליים,
און דורך פייַער־געשלעגן,
און דורך וואַסער און שליים —

די מונדירן צעשאָטן,
און אין קויטיקן העמד,
און די שיך אויסגעטראָטן,
נישט ראַזירט, נישט געקעמט...

גרויע טעג און מעת־לעתן
אָן אַ וואַרעמס אין מויל.
האַרץ פאַרחלשט, פאַרגעסן
אינם וויסטן געהויל...

ס'איז דער עלטסטער געפאַלן
און דו גייסט בראש —
אונטער וואָלקן... עס פראַלן
מאָטאָרן פון באַש...

און די באָמבעס, ווי ראָבן,
וואָס דזשאָבן אַ פערד,
זיי צעבייַסן, צעגראָבן
פריש, אין קברים די ערד...

אין אַ פּאַקס־האַל — אין פּראַנט,
פון די רעגנס געַנעצט,
צי פון היצן געבּראַנט,
און אין שוויסן געפּעצט,

און אין סווישטש און געפּײַף
אינם שטויבּיקסטן ווינט
אין דער מדבּר . . . זײַ ריײַף:
יעדע שוואַכקייט — אַ זינד.

געדענק אָן דײַן שליחות,
פאַרגעס די געפאַר —
צו אַלדע רוחות
דעם תּהו־קאַשמאַר!

ווײַל אָן שפּײַז און אָן העמד,
דאָס געוויסן פאַרשעמט,
געשלאָגן, באַשפּיגן,
באַרכילותט מיט ליגנס —
דײַן פאָלק.

אונטער הויכע ווענט
מיט שמעכיקע דראָטן
געלע לאַטע אים שענדט,
פאַרבּרענט און צעטראָטן
דײַן פאָלק.

— אין געטאָ —

זעלנער,
דו בּיסט דער איינציקער וועטאָ!

## צום מאַטראָס

ברודער, זעלנערל, אויף ים —
ייִד, מאַטראָס, אויפן שיף,
אַז די שיף איז אין פלאַם
און דער אָפּגרונט שוואַרץ, טיף
אין מהומה פון בלעקאַוט —

טויזנטיעריק דײַן מוט!

עס שטורעמט דאָס וואַסער,
דער לײַטער — אַ שטריק.
און פלאַם איז קיין שפּאַסער:
אײן אויגנבליק —

און מען שפּרינגט פונעם דעק
אין דער פינצטער... עס שווידערט,
אַן אָפּגרונט דער וועג,
וואַסער קנוילט זיך און פלוידערט,
און פרעמד איז דאָס לשון,
ווער ווייסט וואָס עס שטאַמלט?
וואָס האָבן די תהומען
דעם חושך פאַרזאַמלט?

עס וואַקלען זיך פּאַליעס
ווי בערגלעך פון קברים,

און שיפלעך ... ווי מתים,
לוויות אין שטורעם —

און נישט קיין ארונות,
סקעלעטן אין זעקלעך,
ווי מזרח לוויות —
יאָ, ברודערל, שרעקלעך ...

געדענק אָן דיַין שליחות,
פֿאַרגעס די געפֿאַר,
צו אַלדע רוחות
דעם תהו-קאַשמאַר!

וויַיל אָן שפּיַיז און אָן העמד א. ז. וו.

## איך קען מער...

איך קען מער דעם צער נישט באַהאַלטן
אין שמייכל פֿון חכמה און בינה.
מיך מאַטערט די היים ... די געשטאַלטן ...
די קברים ... די טרויער-שכינה!

און אונטער די בלעקאוט-וואָלקן
אין נעפּל פֿון וואַסער און חושך
אַנטפּלעקן זיך טרערן-קוואַלן ...

דערשטיק איך אין זיך דעם געוויש אויך!

און וואָס האָט צו זאָגן אַ וואָרעם,
אָן אפר ועופר, אַ גיבור!
אַז פֿול איז דער הימל מיט קברים,
וואָס ווינקען מיט טרערן זיך איבער ...

# אין טעהעראַן

מיר זײַנען אַלע פּליטים, — האָט ער מיך געטרייסט,
מיר זײַנען גלײַכע וואָגלער אויף דער ערד.
און קיינער ווערט נישט סתם, בחינם, אויסגעלייזט,
מיר ווערן פון גלגולים אין נע־ונד פאַרצערט.

מען וואָגלט אָפּט אין גראָז, מען וואַנדערט אָפּט אין בלום,
מען בלאָנדזשיעט ווי אַ שאָטן אַרום אַ בוים,
מען וואַרט אָפּ אייביקייטן אין אַ דומם שטום,
פאַרקניפּט אונטער אַ פליגל פון אַ פויגלשן טרוים.

און ווי די מעווע פלאַטערט אַרום אַ שיף,
אַזוי פלאַטערט אַרום וואָגלער דער יקום.
און אַז מיר ווערן מיט די וועלטן צונויפגעוואקסן טיף,
דערהערן מיר אין לעצטער רגע: — קום!

מיר זײַנען אַלע פּליטים אין אומבאַשטימטן וועג,
מיר וואַרטן אַלע אויף אַן אומבאַשטימטער שיף.
אָך, וואו נעמט מען אַ וויזע צום אומבאַקאַנטן ברעג? —
אַזוי האָט ער געטרייסט, דעם קאָפּ געזונקען טיף.

און אפשר פעלט דיר וואָס? טאָ קום צו מיר אין שטוב —
פרײַנד, טו מיר דאָס געפאַלן, פאַרבלײַב בײַ מיר אַ גאַסט.
אָך, ווען וועל איך פאַרבעטן שפּעטער דאָרט אין גרוב?
אַזוי האָט ער געטרייסט, געטרייסט און נישט געשפּאַסט...

פּאַמעלעך, פרום אַראָפּגעקניט, דעם שטערן צו דער ערד,
און ווי אַ קינד געוויינט, געבעטן צו אַללאַה.
אַפּנים, צו האָבן אַ מצווה איז אים געווען באַשערט,
און מיר צו זײַן אַן אורח בײַ אַ מאַן אַזאַ...

# דער פערסישער ייִד...

— „קום, זײַ בײַ מיר... ס'וועט נישט קאָסטן" —
פאַרבעט אונדז אַ פּערסישער ייִד:
„אַ מצווה, אַ ייִד אַ פֿאַרלאָזטן,
צו געבן אַ רו זײַנע טריט.

מײַן וואוינונג פון פּסח געוואַשן.
דער דיל מיט דיוואַנעם געבעט.
כ'וועל געבן צו עסן און נאַשן,
אַ ווינקל צו טאָן דײַן געבעט.

די שנייען אין בערגער זיך וויגן
און שמייכלען אין פענצטער אַרײַן.
די מילך פון מײַנע ציגן
איז כּשר... און זיסער פון ווײַן!

וואָס טויגן דיר מלינהס, האָטעלן?
האָסט פרוי און טעכטער... מײַן פרײַנד!
עס וועט דײַן פאַמיליע געפעלן"...
זײַן פּנים, דאָס ברוינע, צעשײַנט.

„מיר האָבן קיין טיש נישט, קיין שטולן,
דאָס וועל איך זיך באָרגן אין שטאָט.
דאָס נוצט נישט אין אונדזערע גבולין —
מיר זײַנען בלויז אורחים בײַ גאָט!

זײַן ערד איז דאָס בעסטע מעבל,
זײַן הימל — דער שענסטער דאַך,
נשמה — דאָס גרעסטע עשירות —
און ייִד מוז זאָך שטיין אויף דער וואַך!

איך ווייס אַז איר קענט נישט אַנדערש —
איר עסט נישט אָן טיש און אָן באַנק,
ס'איז טאָפּלט אייַך שווער דער וואַנדער,
דער וועג איז אייַך טאָפּלט לאַנג...

און איך בעט בייַ אים אויף אַן אורח,
און הייַנט אויך געהאַט דעם געדאַנק —
געלייענט די פּרשה פון אַברהם...
כ'וועל באָרגן אַ טיש און אַ באַנק."

## ער קען...

ער קען צו דיר ריידן דורך גראָזן,
דורך פאַרבן, דורך דופטן, דורך בלומען —
אוודאַי, ווער קען אים נישט לאָזן,
פאַרווערן — זייַן ווינט זאָל נישט ברומען.

ווער קען אים פאַרשטעלן די וועגן,
זייַן גלגל-החוזר צעברעכן?
ער דאַרף פאַרלאַמענטן נישט פרעגן,
ער זאָגט נישט: — מיניסטער, באַרעכן...

ער רעדט צו דיר דורך דייַנע בלוטן,
ער מאָנט דיר דורך דייַנע געדאַנקען —
ער מאָנט אין די שטילסטע מינוטן —
אין רגעס פון גסיסה און צאַנקען.

## אין דער פּערסישער מדבר
### (פראַגמענטן)

דו האָסט מיך געפירט אין די וועגן,
וואָס זײַנען הײַנט אַלע פאַרבלוטיקט;
דו האָסט מיך געפירט אין די פעלזן,
וואָס בלויז זייער אָנבליק אַנטמוטיקט.

טאָג אײַן און טאָג אויס אין די הײכן,
וואו כמאַרע פאַר פּחד שטאַמלט,
געפאַנצערטע ריזן פאַרבלײַכן —
אין אונטערגרונד — געטער פאַרזאַמלט!

ב.

גראַניטן פאַרלאָזטע, אינוואַלידן,
בעלי־מומים פון אוראַלטע שלאַכטן;
פאַריאָושטע גלוטן זידן —
ווער ווייסט זיי, וואָס זיי טראַכטן...

אַ באַרג מיט פאַרגליווערטע פויסטן,
און שווײַגנדיק, ליפּן פאַרביסן;
אַ לייב מיט אַ קאָפּ אַ צעקרויזטן —
בלויז זאַמדיקע ווינטן באַגריסן.

אַ גלית, די אָרעמס צעבראָכן,
זיי הענגען אַראָפּ ווי די בײַטשן;
אַ שמשון, דאָס אויג אויסגעשטאָכן —
אַך, פּלשתּים, סאַדיסטן, ווי דײַטשן!

ווי ראַנגלט איר זיך מיט די אָדלער,
וואָס קומען פון וואונדן געניסן?

איך פאָר אין דער ריזן־שטאָט ניו־יאָרק,
דערציילט — איך וועל אָפּגעבן גריסן!

אַ דלילה, מיט בריסטן צום הימל,
צעלאַכט... ווי אַ הפקר... אַ חציפה;
עס ווילט זיך איר שטיפן אין מדבר,
אַ קוש פון אַ גבור, אַ חניפה!

איר שכן — אַ שטיינערנער קעמעל,
עס רירן אים נישט אירע חנען;
ער וואַרעמט די האָרבן אין זונשיין,
און דו מעגסט זיך לאַכן און וויינען.

באַמערקט אויך נישט מיך מיט מײַן אויטאָ,
ער וואַרט אויף אַן אַנדער מין רײַטער;
ער באַקט זיך די האָרבן אין זונשײַן —
אַפּנים, ער האָט געַנוג צײַט, ער.

עס ברִיען אים נישט קיין חזיונות
פון פרײַנט אין די אָרעמס פון פײַער —
ער הויערט יאָרטויזנט אין אונס,
אַזוי ווי אים ליב איז און טײַער.

ג.

אויף מײַלן אַ פעלזיקע פעסטונג,
קאַמופלאַזשן פון שנייען, גאַנץ שיטער;
הימאַלייען! — אַ וועלטן־פאַרמעסטונג!
אינוואַלידן — די איינציקע היטער!

די ווענט פון גרינע גראַניטן,

געבראַכן פון אוראַלטע מײַסטער;
ווי לוחות מיט מעסערס געשניטן
און גרייט פאַר גאונישע גײַסטער,

וואָס וואַרטן אויף נײַע געבאָטן
פון „מאזדאס" האַנט געשריבן,
און שמייכלען אין זונשײַן און שווײַגן,
געדאַנקען אין זיך פאַרקליבן.

עס שמייכלען די גרינע גראַניטן
צו ראָזע פעלזן אין שנייען;
מען שמייכלט צו ליפּן צעגליטע,
וואָס טונקעלע שאָטענס פאַרווייען...

זיי שמייכלען צו ראָזע סאַקראָפאַגן
מיט כּתבֿ פון ווינטן געקריצטע,
צו מומיעס פון אייביקן וואַגן,
אין אוראַלטע צײַטן פאַרבליצטע...

יאָ, ריזיקע סאַקראָפאַגן
פון העלדן פון אורצײַט-שלאַכטן!
פון מושלים אויף גרויסע אימפּעריעס,
אין פּראַכטפולע אוראַלטע טראַכטן:

די מומיעס אין גאָלדענע קרוינען,
בריליאַנטן, וואָס בליצן אין קברים,
אין גאָלד-האַפט די פּורפּור-מאַנטלען,
— — — — — —

די מומיעס אין גאָלדענע קרוינען,

בריליאַנטן, וואָס פינקלען און גלעטן —
נר־תּמידם — און ליידיקע שאַרבנס
פון אפר־ועפר־סקעלעטן...

ס'באַוואונדערן אײַך נישט קיין אויגן,
קיין בליקן מיט גיריקן גלוסטן,
וואוהין זײַנען תּאוות פאַרפלויגן?
די שטורעמס פון בת־מלכּא־ברוסטן...

דיאַדעמען, און בלאָנדע פריזורן,
און בלויע פאַרליבטע אויגן,
און לעצטע שמייכל־שפּורן
אויף ליפּן צעשטויבטע פאַרצויגן.

מלכים, מלכי צדק,
חלומות פון אמת און יושר,
וואָס וואַרטן אויף תּחית המתים,
אויף קץ און שעת־הקושר:

גראַניטענע פעסטונג פון „מאזדא"! —
באַשיצסטו דעם מלך קורש?
באַשיצסטו דעם פרומען דריוש?
דעם קאָסמאָפּאָליט אַרתּחשסתּא?

באַשיצסטו דעם גרויסן נביא:
זאָראָאַסטרא בן פּורושאַסטרא?
די ערשטע תּלמידים, די פרומע,
מאָידהיאָמאַ און וואַשהספּא?

און הונדערטער אַנדערע, געבענטשטע

פון אויבן מיט רוח הקודש,
תלמידי־חכמים, און פריסטער,
דערלייזער פון גײַסטיקעליידן...

עס שמייכלט פעלז צו פעלזן
אין זונפאַרגאַנגס לעצטע מינוטן,
עס אײַלן זיך שאָטענס צו האַלדזן
פאַרוואונדעטע קעפּ אין בלוטן...

דו, מײַלענוויַיט פעליזיקע פעסטונג!
באַשירעמסט דאָ... וועלכע סודות?
אַ ריזיקע וועלט־פאַרמעסטונג —
און שטייט אַ שטומער עדות!

ס'האָט „מאַזדאַ" צו שווײַגן באַפוילן,
עס גליווערט דאָס וואָרט אויף די ליפּן,
מיט מדבר פאַרדעקט ער די גרוילן,
און לאָזט פאַר די ווינטן דאָס כליפּן...

ד.

שלום! מען פירט מיך אין טאָלן,
וואָס נעפּלען מיט זאַמדן און ווינטן,
צום מענטש אויפן שוועל פון לעפּיאַנקע,
וואָס נערט זיך מיט וואָרצל צעגרינטן.

ער רויכערט אַן אָפּיום ליולקע,
די פּים הינטער זיך... אין דער זון.
ברוין גלאַנצט זײַן הויכער שטערן,
און אויגן — אין זיך פאַרטון.

די פּים הינטער זיך... אויפן באָדן,

אויף ברייטן, קאָלירטן דיוואַן.
ס׳באַוועגן זיך ליפּן, באַלאָדן
מיט פּסוקים פון אַל־קאָראַן...

און וואָס איז זיך דאָ צו שעמען
„מיט גאָרטן און פרישן פאָנטאַן,
און מיידלעך מיט שמאָלע ברעמען
און אויגן״ — ווי ס׳שטייט אין קאָראַן.

אַוודאַי, דערלויבט איז צו האָבן,
אַ לויב צו אַללאַה! —פרויען פיר —
און פערצן מעג האָבן אַ „נביא״,
דעם שאַח קומט פרויען אָן שיעור!

מען זאָל נאָר באַקומען באַקשישן,
ביַי וועמען צו בעטלען זאָל זיַין!
אַז מיידלעך פון אַל־קאָראַן צעחושן,
פאַרטריַיבט מען מיט אָפּיום די פּיַין.

די פּיס הינטער זיך... אויפן באָדן,
אויף ברייטן, קאָלירטן דיוואַן;
ער רויכערט זיַין אָפּיום ליולקע —
עי, שאָפער, פאָר וויַיטער פון דאַן!

מען היקעט, מען כריקעט, מען שטאַמלט,
און לאָמע, און בלינדע, און שטומע
אַרום אונדזער אויטאָ... פאַרזאַמלט
אַ גאַנצע בעטלער־אומה...

אַ פאָלק פון הויט און ביינער,

און אין די אויגן — שרפה!
ס׳ברענט געלע הויט פון הונגער
און אָטעמט מיט מגפה...

צעריסן, צעשליסן, האַלב-נאַקעט,
און בלויז די שאַנד אין לאַכעס;
מען זאָגט: — „דער שאַה פון פערסיען,
ער שעפּט פון זיי חכמה און נחת.״

אַפּנים, מען וויל מיך צעחישן,
מיר קענען דאָ ווייטער נישט פאָרן;
עס דראָען סקעלעטן: — „באַקשישן״!...
מען שטורעממט דעם אויטאָ מיט צאָרן.

מיר זײַנען טוריסטן רעאַלע,
יאָ, פּליטים... און דאָך אייראָפּייער:
מיר טיילן זיי קעיק און חלה,
און צוקער, און קעז, און אייער.

זיי ליאַרעמען העכער און העכער,
צעצאָרנטע אויגן... קאָשמאַרן;
הענט הייבן זיך פרעכער און פרעכער:
— „באַקשישן, באַקשישן!... דאָלאַרן!...״

עס איז אונדזער שאָפער דאָך ענדלעך
אַרײַנגעפאַלן אין צאָרן:
— „איך האָב פאַר אײַך גאָלדענע רענדלעך!
איך בין אין אַ גאָלד-גרוב געבאָרן!

„איך וועל יעדן בעטלער באַגילדן!...״

ער בליצט אין דער לופטן מיט „שפּײַער",
און איבער דעם עולם, דעם ווילדן,
צעטראָגט זיך אַ קנאַל און אַ פײַער...

עס זײַנען זיך בעטלער צעלאָפן,
און שנעל איז דער אויטאָ געפאָרן;
די שויבן אין שטויבן פאַרוואָקסן,
דער ווינט שיט מיט זאַמדן און צאָרן —

ה.

און אָפּטמאָל, אין מיטן דער מדבר,
און שטיל בלײַבט דאָס וואָיען און שנאה.
ס'אַנטפּלעקט זיך אַ פּלא, אַ פּייזאַזש:
אין בלויקייטן — ביימעלעך גרינע...

און פעלדער קאָלירטע מיט בלומען,
און שטחים מיט גאָלדענער תבואה;
און טײַכעלעך שפּרודלען און זומען
מיט גרינסן און שילף... אַ שבועות!

אַ יום־טוב, אַ גרינער גן־עדן!
און שמעטערלינגען־געפלאַטער,
און בלעריי פאַרביקע פליגן,
אַ גאָלדענע בין, אַ זאַטע...

זי פליט בהרחבה אין בלויען,
זינגט, זומענדיק, אין זיך זיכער,
און ווערט מיר גאָר פּלוצלינג פאַרפאַלן,
פאַרטאָן זיך אין פאַרביקע ביכער,

אין פערסישע מיניאַטורן,

אין בלימלעך, ווי קליינע כל־בו׳ען,
שטודירט אין די בלומען. וואָס זוכט זי? —
וואו אַמאָל פלעגן בינען זיך ראָיען...

אַ ישוב געדיכטער פון בינשטאָק,
שיש, טרוקן — אָן האָניק צום לאָבן.
דאָ טרינקט מען מיט מײַלער פון רינשטאָק
גרוי וואַסער — געדיכט פון מיקראָבן —

זע, פרויען! יאָ, פלאים! האַלב־נאַקעט
אין רינשטאָקלעך לײַלעכער וואַשן —
זיי גלאַנצן אין זונשײַן און לאַכן,
יאָ, כ׳לעבן — געלעכטערל נאַשן!

עי, שאָפער, שטעל אָפּ אונדזער טאַקסי!
ביסט צו־ווײַט, יאָ, צו־ווײַט פאַרפאָרן.
איך האָב דאָך גערעדט אַמאָל פערסיש,
דערמאָן... כ׳האָב אַ גוטן זכרון!

כ׳וויל רעדן מיט פערסישע פרויען,
און הערן פון זיי ווענן ושתּי,
צי קענען זיי נישט אַמאָל מרדכין,
און וואָס מאַכט די קעניגין אסתּר?

דערזען פון ווײַטן אַ טאַקסי,
אַנטלויפן זיי — ווילדע שוואַנען!
און לאָזן די וועש בײַ די ברעגן...
ס׳באַווײַזן זיך זייערע מאַנען!

אָך, ווער זוכט דען פרעמדע מענער?

עי, שאָפער, פיר ווײַטער דעם אויטאָ!
זע, אונטן דאָרט... שעפּסן אַ סטאַדע...
און אפשר? אַ קרעטשמע... אַ קײַ טון —

און טעפּיכער, קונסט-ווערק אין פעלדער,
פון פרילינג געהאַפטן — גאַבּעלינען!
עס קושן די הימלען די בּלויע
געוועבן, וואָס פעלדער שפּינען,

ניואַנסירטע ווי רעגנבויגן,
אין העלן טאָג — שקיעה-פאַרבּן,
באַפּלאַטערט מיט פליגל פון פאַווע,
געבּאָרן, ווי אונטערן שאַרבּן

פון לעאָנאַרדא דא ווינטשי
צו גלעטן דעם בּליק פון דזשאָקאָנדע,
און מאָלן און מאָלן און אויסגיין
אָן ווידוי, בּנשיקה, פון וואונדער...

דאָך מוזן מיר דאָס אויך פאַרלאָזן.
עי, שאָפער, פיר ווײַטער פון דאַנען!
עס זײַנען די מזרח-ראָזן
אַ חלום, זיך בּלויז צו דערמאָנען —

דורך זאַמדן, וואָס רײַסן די הימלען,
ווען ווינטן פאַרשאָלטענע וואָיען,
דורך שפּיציקע שטעגן, אויף משקולת.
אַריבּער אַן אָפּגרונט אַ גרויען.

דורך נעכט פון מיליאָנען שטערן,
וואָס האָבן נישט וועמען צו פינקלען.
דורך טאָלן, וואָס בענקען צום חושך,
געבראָטן בײַטאָג פון חמסינען...

דורך טרויער־מוזיק פון שאקאלן,
די עכאָס פון מתים־געזאַנגען —
דורך פעלדער, וואו שטיינער וואַקסן,
אימפעריעס פון אונטערגאַנגען.

## זכרון

קיין פרילינג האָט נאָך נישט פאַרגעסן צו ברענגען מיט זיך
זײַנע שפּראָצונגען, זײַנע בליטן, און די באַפליגלטע,
זינגענדיקע געסט.

קיין זומער — זײַנע גרינסן, זײַנע תבואות, זײַנע פֿרוכטן
זײַנע בלומען, זײַנע פלאַטערלעך פאַרביקע,
בינען גאָלדענע,
פרישע וואַסערן, הימלען רחבותדיקער ברייט,
זוניקייט און רעגנדיקע פרייד
און צופרידענעם שמייכל אין רײַפע גלידער!

און אַפילו דער טרויעריקער האַרבסט האָט נאָך
קיינמאָל נישט פאַרגעסן
דעם דופט פון די פאַרביקע בלומען, דאָס גאָלד
פאַר וועלקנדיקע בלעטער, די אָבל־ניגונים
און דעם האַרציקסטן יאוש פאַר זײַנע טרויער־לידער...

קיין ווינטער האָט נאָך נישט פאַרגעסן צו ברענגען מיט זיך
זײַנע שנייען, זײַנע קרירעס, זײַנע קעלטן,
זײַנע פרעסט.

מײַן פאָלק אָבער, מײַן פאָלק — פאַרגעסט...

## בײַ אַ ברעג...

צי ביסטו אַן אין? צי ביסטו אַ יש?
כּל־זמן איך אָטעם אין בלוט און אין פלייש
ווי קען איך עס וויסן?

איך קען דיך נישט זען און נישט דיך באַשרײַבן.
איך שפּיר דיך אין פאַרגייענדיקן בלײַבן
פון אייביקן פליסן...

## דיך שרעקט נישט...

דיך שרעקט נישט קיין היטלער,דיך שרעקט נישט
קיין תּליון.
דו הייסט דער געשיכטע איר שטורעם צעפּאַליען.
אַ בנין — ברוין! אַ בנין — רויט!
דער שטורעם צעטראָגט, וואָס דער מענטש האָט געבויט.

און ציגל און שטיין און בעטאָנענע ווענט —
געשיכטע צעקרישלט מיט מענטשלעכע הענט...

# אַ וואָרטלאָזער...

א.

און ווען איך זיץ אַ וואָרטלאָזער
פאַר מײַנע אייגענע אומגליקן,
ס'געפינט מײַן קאָפּ קיין אָנלען נישט
און זינקט אַראָפּ, אַראָפּ...

און אַלע גלידער מוטלאָזע,
וואָס הענגען ווי די לולבן
פון דעם הויכן פּאַלמע־בוים
אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ...

אין גרינסן, אין פאַרבאָרגעניש,
קעגן זון און ווינט געשיצט,
גאַנץ טיף, אונטער די לולבן —
דאָרט וואַקסן קאָקאָס־נים...

אַזוי אין מײַנע אומגליקן,
ווען איך זיץ אַ וואָרטלאָזער,
ס'געפינט מײַן קאָפּ קיין אָנלען נישט —
דאָך וואַרט איך אויף אַ נס!

ב.

ווײַל דו האָסט מיך אַרויסגעפירט
פון אונטער היטלערס פײַערן,
און דו האָסט מיך אַרויסגעבראַכט
אַ גאַנצן פון הונגער־לאַנד —

נאָך טרויער און נאָך שבעה־טעג
געלאָזט פאַר מיר צעטאַנצן זיך
דעם באָספאָרם בלויען פאַליע־שטראָם
אין ברכי נפשי ליד . . .

פון ווײַסל איבער שוואַרצן ים,
און באָספאָר און אויך מיטלמער,
און פּאַסיפיק און אַטלאַנטיק
און ירדן, פּרת, חדקל —

מײַן בלויער בליק האָט אײַנגעזאַפּט
דאָס ציטערן, דאָס אוראַלטע,
פון שפּיגלדיקן פאַליע־שטראָם,
וואָס עד־היום געדענקט גאָטס גײַסט —

די פאַליע, וואָס האָט גליק געהאַט,
אין ליכטיקע בראשית־טעג,
צו פילן ווי זײַן אָטעם שוועבט
און שטילט אײַן אַלע וואַסערן . . .

עס האָט מײַן בליק די וועל געגלעט,
וואָס אָדם פלעגט באַחידושן,
אין גן־עדן, רוענדיק,
מיט חוהן אונטער עץ־הדעת . . .

געהערט דעם פּליעסק תּרעומותן
בײַ פאַרשאָטנטע זאַמד־ברעגן
פון פאַריאושטער אָוונט־וועל:
— וואו ביסטו, רוח אלהים ?

עס פלעגן אין די אָוונטן
בעטן אויף אַ תּקון מיך
די שאָטנס, די באַוועלטע,
וואָס האָבן ערשטן קוש געהערט...

גאַנגגום הייליקן
געוויזן פון דערווײַטנס מיר,
מסתּמא נישט קיין זכות געהאַט
צו באָדן אין זײַן טיף...

געפירט אין הייכן הייליקע,
אין גרוישטיין פון יהודהס בערג,
געצונדן בײַם כּותל מערבי ליכט,
געקויפט פון רחלס קבר זאַמד...

געהייסן שטיל אײַנאָטעמען
דעם זעפיר בלוי פון טויטן ים,
געלאָזט דאָס הארץ זיך אײַנהערן
דײַן הייליק שווײַגן, גאָט!

ג.

דו האָסט מיך נישט איינמאָל געפירט איבער קברים,
טיראַנען, וואָס פלעגן מיך האַלטן אין תּפיסות,
האָסטו צעבראָכן, ווי צלמים פון פּראָכנע,

— — — — — — — —

אין בבל אָבער האָסטו מיר באַוויזן
דעם סוף פון טיראַן איבער אַלע טיראַנען,
דאָס וויסטע פּאַרטריקנטע ליים, דאָס בלויע,
פון „שבט אפּי”... פון נבוכדנאצר!

דעם שטויב, דעם ווינטיקן, פון גוואַלדאָוונע מאַסן,
דאָס ליים פּאַרטריקנטע פון אַ וועלט-מעטראָפּאָלע —
קיין עולם איילט נישט מער... קיין זכר נישט פון גאַסן,
ער האָט נישט נויטיק מער דיין „שבט-אַפּי"-ראָליע!

און ווער עס וויל זען דעם סוף פון אימפּעריעס,
און ווער עס וויל זוכן דאָס שטאָל פון די לאַפּעס,
וואָס רויבן און מאָרדן און שטיקן און וואַרגן —
דער זאָל זיי אויף זיין קבר זוכן...

אויף מיילן ווייט האָסטו געגראָבן, ענגלאַנד,
פון אונטער דער ערד אומווירדיקע חורבות,
געזוכט די קברים פון בבלם גרויסע קינגס,
און וואָס האָסטו געפונען?

אַ שטיקל שטיינערנע וואַנט פון אַ אַשטרות-טעמפּל,
אַ פּאָר מערקבאַרע שטריכן פון סקאָרפּיאָנען,
עפּעס אַ מין פוקס מיט גיפט-שטראָם פון צונגען,
אַ שטיינערנעם לייב מיט אַ מענטש אין די לאַפּעס...

בחינם זוך איך מיט אָנגעשטרענגטע אויגן
און אָנגעשטרענגטער שמיעה אין די צעגליטע לופטן
אַ שמייכל פון אַ בת-מלכּה. אַ פּאָר געפּערלטע בליקן,
אַ פינקל פון ברילִיאַנטן אין גאָלדענעם דיאַדעם...

וואו זיינען זיי, די הענג-גערטנער, סעמיראַמיס?
דער רויש פון אַלטע ביימער, פון יינגע דאָס געמירמל,
געפּליסטער פון פאַרביקע ליפּן אין קילקייט פון פאָנטאַנען,
דאָס זימזלען פון געקינסטלטע טייכלעך...

וואו זײַנען די אַלייען מיט די וואונדער־בלומען,
מיט דופטיקע געווירצן און מיט חניפה־שמייכלען,
און וואָס האָסטו געלאָזן פאַר אַלע דורות פרויען,
זיי זאָלן וועלן געדענקען דײַן חכמה און דײַן שיינקייט ?

בלוי־צעבּרענטע שטייבּן אין גריבּער פון אַרכעאָלאָגן,
וואָס וואָלטן וועלן זיך דערגראָבּן צו דעם,
וואָס די צײַט צעשטערט און דער טויט פרעסט־אויף
און דו, בּורא, האָסט פאַרשאָלטן לעולם ועד...

ד.

און דו האָסט נאָכדעם מיך וואָכן לאַנג געפירט
איבּער וויסטע מדבּריות פון צעשאָטענע אימפּעריעס,
אין פעלזן און אין טאָלן, וואו שרייִם פון אַלטע פעלקער,
אויסגעמאָרעטע פון הונגער, חלומען אין רויך פון אָפּיום...

וואו עס וואַרטן גאַנצע שטעט אָן שויבּן און אָן דעכער,
הגם קיין היטלער־מחנה האָט דאָ נישט שפּאַצירט
מיט שטאָלענע בּאָמבּער צו טראָגן טויט און פאַרוויסטונג,
שטייען זיי דאָך פאַרוויסט, בּאַוואוינטע פון בּר־מננס...

צופוסנס פון גרויע פעלזן, אין פלאַכקייט פון גרויע טאָלן
בּאַוועגן זיך די בּר־מננס מיט אײַנגעדאַרטע געדערים
און אײַנגעצויגענע גופים... די אייניקלעך פון קורש,
די שפּראָצן פון דריוש, און פון אימפּעראַטאָר אַחשורוש...

אַ גרויסער אימפּעראַטאָר, אַ פריילעכער געניסער,
וואָס זײַנע ברייטע סעודות בּאַשרײַבּט אונדזער מגילה...
צי איז נישט אַמאָל ושתּי געווען אַ סעמיראַמיס,
און נאָך דער חצופה, געפעלט אים די צניעה — אסתּר.

און שמאָל זײַנען די װעגן, די ברײט פֿון אײן פּאָר אײזלען,
און פֿון אײן קעמל־פּאָר באַלאָדן מיט זעק און קאַסטנס . . .
און אײן מאָדערנע טאַקסי קאָן קוים אַ צװײטע מײַדן
אין די געשלענגלטע שטעגן, אין פֿעלזן, אויף משקלות . . .

און איך האָב אויסגעלערנט די קונסט פֿון מדבר־לשון,
װי יוסף און דניאל די קונסט צו לײענען חלומות.
און װי מען טרינקט אַ װאַסער אין דורשטן פֿון חמסינען,
טרינק איך די מדבר־חכמה פֿון לעבן און פֿון טויט . . .

און איך באַדויער טיף — מה אנוש כי תזכרנו?
די אַלע װילדע בוער פֿון אימפּעריעס נײַע,
װען דו דערצײלסט, אַ, בורא, מיט בולט מדבר־לשון,
דעם װערט פֿון טײַכן בלוט פֿאַרגאָסן צוליב אַ גרעניץ . . .

אָפּגעמעקטע גרעניצן, אויסגעלאָשענע אַרמײען,
גײ, זוך זײ אין דער מדבר צענדליקער מעת־לעתן.
גײ, פֿרעג אויף זײ די פֿעלזן מיט אויסגעשפּיצטע נעזער,
גײ, פֿרעג אויף זײ די טאָלן מיט צענעבלטע זאַמדן.

גײ, פֿרעג אויף זײ דעם הונגער מיט ברענענדיקע אויגן,
גײ, פֿרעג אויף זײ דעם חוש מיט דער אָפּיום ליולקע,
גײ, פֿרעג אויף זײ דעם קעמל, װאָס האָט די לאַסט געטראָגן,
גײ, פֿרעג אויף זײ דעם אײזל: װאוהין דאָס אַלץ פֿאַרטראָגן?

גײ, פֿרעג די שטילע נעכט, װאָס בלאָנדזשען דאָרט יאָרטויזנט,
װאָס פֿאַרשן מיט מיליאָנען שטערן־אויגן אין די זאַמדן,
גײ, פֿרעג בײַ דער לבנה, בײַ איר בלױ נאַמנות,
פֿאַרװאָס די װינטן װישן אָפּ אַזעלכע קאָסטבאַרע זכרונות?

## לאָז צורו, זון...

לאָז צורו, זון, בּרען נישט אַזוי שטאַרק!
איך בּין דאָ נישט געבּאָרן, אין שאָטן פון די פּאַלמען,
צעפּרעגל נישט מײַן מאַרך. לאָז אַ קאַלטן קאָפּ אויפן קאַרק.
געדענק, ישראל איז נאָך נישט אינגאַנצן קיין אַלמן!

לאָז צורו, זון, בּרען נישט אַזוי שטאַרק!
איך בּין פון אַנדערע פײַערן צופיל געבּרענט.
עס הענגט איבּער מיר אַ פּיראַמיד, אַ סקעלעטן־בּאַרג,
און מאָנט נקמה מיט צעבּראָכענע הענט!

עס דריקן אויף מיר אין די ליכטיקסטע טעג
די פינצטערע שאָטנס פון שאול, די בּערג מיט שאַרבּנס.
און אַלע קברים־נעכט געפינען צו מיר אַ וועג,
און גרינזן ווי די לולבן: — למאי געלאָזן שטאַרבּן?

לאָז צו־רו, זון, בּרען נישט אַזוי שטאַרק!
האָסט מיך גענוג געבּראָטן מיט חמסינען.
עס הענגט איבּער מיר אַ מיליאָנען־קבר, אַ נפטרים־בּאַרג,
און ער בּרענט מיר אונטערן שאַרבּן אוים דעם זינען!

# אַ גײַסט אַ וואָגלער

אַ גײַסט אַ וואָגלער, אַ נישט געזעצטער,
הײַנט וואוינט ער דאָ — און מאָרגן — דאָרט.
און נישט דער ערשטער, נישט דער לעצטער
דערנערט ער זיך פון געטלעך וואָרט,

איז אין אַ פרעמדער שטאָט געקומען,
אַזאַ מין אויסטערלישע שטאָט —
פּאַלייען, גרינסן, פּאַלמען, בּלומען,
אַזאַ בּאַוועגונג, אַ קעסל־זאָט...

און דאָס פאָלק אַזאַ מין מאָדנע,
פאַרבּרוינט, האַלבּ־נאַקעט, האַלבּ אין ווײַס,
און אויסגעטריקנט און שמייכלט לאַנגאָדנע,
און אַ מאכל: אַ „קעררי מיט רײַז״...

און פנימער — בּרוינע, שוואַרצע, געלע, —
ס'איז יעדן אײַנגעטיילט זײַן רעכט.
אַ לאַנד אַ פרײַס, אַוודאַי, נו, מילא —
עס לעבּט זיך דעם ווײַסן גאָר נישט שלעכט.

האָט ער אַ דירה זיך געדונגען,
אַ שטיקל דאַך פאַר הויזגעזינט.
אַנטקעגן פענצטער פייגל זינגען,
און שטיל דאָס מאַנגאָ־בּוימל גרינט.

עס קומט אין אָוונט — פייגל שווײַגן,
עס אָטעמט קילער ווינט פון ים.
עס שפּילט דאָס לעצטע ליכט אין צווײַגן
מיט האַרציקן בּין השמשות טעם.

און ווייַב און קינד — אוועק אין קינאָ,
און גאָט צו דאַנק! ער איז אַליין.
ס'דערוואַכט אין אים די אַלטע שכינה,
דאָס מורדים ליד — זײַן יוגנט־חן.

ער זינגט אין פרעמדן בין־השמשות
זײַן היימלאַנדס פאַרעקשנט מורדים־ליד,
דאָס ליד פון דור, די יונגע נפשות,
וואָס האָבן אין קדושה פון אויפשטאַנד געגליט:

— „ס'בלוט אונדזערס גיסן לאַנג תּליונים,*)
אָן אויפהער רינט די טרער פון פּײַן.
ס'קומט אָן דער יום הדין — איך מאָן אים!
ער קומט... לאָמיר דאָס בית־דין זײַן!

אַהער, צו אונדזערע פאָנענס פלאַטער,
אַהער, צו אונדזער צאָרנס רוף!
אַהער, מײַן פאָלק פון נויט און מאַטער,
צום קאַמף פאַר פרײַען גייסט און גוף...

און לעבן זאָל
צעצאָרנט קול
פון שטורעם־פאָלק
אין משפּט טאָג..."

עס האָט זיך אַ וואָגלער, אַן אַלטער צעזינגען,
פאַרגעסן זיך, פליט — און זינגט אין דער פרעמד.
עס שטורעמט דאָס קול זײַנס פון וויטיק באַצוואונגען,
דער וויטיק פון פאָלק אין אַ געטאָ פאַרשעמט:

---

*) פון פּויליש.

— „די זון גייט אויף, די זון גייט אונטער,*)
עס בלײַבט מײַן תּפיסה פינצטער שטאָק.
עס ווילט זיך אַזוי פון די קראַטן, אַרונטער...
נאָר גיי, צערײַס די קייטן, צעבראָק...

בחינם קייטן, קייטן מײַנע —
כ'וועל נישט אַנטלויפן סײַ ווי סײַ.
ס'איז נישט צו אײַך געווענדט מײַן טענה —
און דאָך, און דאָך — כ'גיי אויס נאָך דער פרײַ!"

ער האָט זיך פאַרגעסן, פאַרגעסן אָן שכנים.
ער שווימט אויף די כוואַליעס פון יוגנט־קול.
מאַרשירט אונטער פאָנען. ער פרעגט נישט נאָך קיינעם.
דער פליט זינגט זײַן נ י י ן־סימבאָל.

## אַלץ אַ קרן

אַ פעלד צעבראָכענע סקעלעטן־סטויגן,
אַ בערגל פאַרלאָשענע קאַרשן־אויגן,
אַ גלאַנציק טײַכל געזאַלצענע טרערן —
אַלץ אַ קרן.

משוגע צו ווערן!

---

*) פון רוסישן. מ. גאָרקיס ליד.

## ווי דער הינדוס

לייג צוזאַמען די הענט ווי דער הינדוס,
און זאָג: — מודה אַני... ווי קינד.
פאַרלאָז אייראָפּעאישע חכמה,
די חכמה, וואָס מאַכט אונדז בלינד!

דו דאַרפסט נישט קיין היים, קיין אַכסניה —
אַ שאָטן באַשיצט דיך פון זון.
און אפשר? אַ לײַלעך אויף לענדן —
געדאַנקען אין אים פאַרטון...

שיוויתי ה׳ לנגדי —
וועמען קימערן חומר צי גוף?
אָט אַזוי ווי דער הינדוס, דער קולי —
לאָזן מורמלען די פּאַלמען דײַן רוף!

גיב דאָס הארץ אָפּ... און זיי זיך מתיחד
מיט שטומען צמח און חי,
לאָז ליגן אין רשות הרבים
דעם חומר אָן פּחד... זיי פרײַ!

שיוויתי ה׳ לנגדי —
און הפקר אין מיטן טראָטואַר,
דאָס פּנים אַרויף צו די הימלען,
די ערד איז נישט ווערט איר קאָשמאַר!

דערהייב זיך אין יענע ספערן,
וואו ס׳איז מער קיין לייטער נישטאָ,
אַריבער די זונען און שטערן,
צו אים פירט דער וועג פון בלי־מה.

# איך האָב געדאַווענט נאַקעט...

איך האָב געדאַווענט נאַקעט.
בלויז אַ שאָרט אויף לענדן.
איך האָב געפילט: דײַן אָטעם
כאַפּט אויף מײַן יעדעם וואָרט.

און וואָס איך האָב געדאַווענט,
איך קען זיך נישט דערמאָנען,
אַ שאָרך אין מאַנגאָ־בוימל
האָט מיר די רייד פֿאַרשפּאָרט.

עס האָט אַ זון געפֿײַערט,
איך בין געווען אין שאָטן.
געגאַנגען אָפּט, געשטאַנען,
און אָפּט געזעסן שטיל.

די גרינע ריזן־בלעטער
פֿון באַנאַנען־ביימער,
וואָס יעדער בלאַט באַזונדער
איז גרעסער פֿון מײַן טיש,

זיי האָבן, שמייכלענדיקע,
מיט גרינע מאַמע־אָרעמס
מיך געשיצט פֿון שאָטן
און מיט מיר מיטגעדאַווענט.

און נישט דער שוואַרצער יאַסטרעמב
מיט בייזן פֿליגל־פֿלאַטער,
וואָס קומט פֿון שטילקייט־טורעם,
פֿון לויערן נאָך מתים,

און נישט די שוואַרצע ראָבן
מיט הייזעריקן קראַ־ען...
זיי קענען נישט אין בלויען
מבלבל זײַן מײַן תּפֿילה.

די פֿיס פֿאַרלייגט ווי בודאַ,
די הענט אין יחוד, צוזאַמען,
דעם בליק געווענדט צום אין־זיך,
דאָס האַרץ צעקנייטשט הכנעה —

איך האָב געדאַוונט נאַקעט,
בלויז אַ שאָרט אויף לענדן,
איך האָב געפֿילט: ד ײַ ן אָטעם
כאַפּט אויף מײַן יעדעם וואָרט.

## בודאַס ליד

לאַנג איז די נאַכט פֿאַרן וואַכנדיקן.
לאַנג איז דער וועג פֿאַרן אָנגעמאַטערטן.
לאַנג איז די פּײַן פֿון גלגולים
פֿאַר דעם, וואָס זעט נישט פֿון אמת
דאָס ליכט.

ווי דער טיפֿער ים, אין זיך אײַנגעזאַמלט,
ריין און קלאָר ווי אַ שפּיגל
אַזוי, דאָס האַרץ פֿון חכם,
הערנדיק דעם אמת,
דערגרייכט צו רו.

שטעל אָפּ מיט מאַכט די בּהלה פון קיום־שטראָם,
בּאַפעל: — ווײַט זאָל בּלײַבּן פון דיר יעדער גענום!
ווער נאָר עס האָט בּאַגריפן דעם סוד
פון דעם אַלעם, וואָס מוז אומקומען,
יענער האָט משיג געווען
דאָס נישט געשאַפענע (דעם אַיִן).

איך האָבּ געוואָגלט אויפן וועג פון אַ סך גלגולים,
בּחינם זוכנדיק דעם אַרכיטעקט פון קיום.

אַ גרויסע פּײַן תּמיד ווידער געבּוירן צו ווערן!

איך האָבּ דיך איצט געפּאַקט, דו, בּויער פון דעם בּילדינג,
דעם בּנין וועסטו מער נישט בּויען!
די רישטאָוואַניעס זײַנען צעבּראָכן, דער פונדאַמענט
פון דעם בּנין איז חרוב —

אויסמיידנדיק,
די נישט־בּאַשטענדיקייט פון דער וועלט,
האָט דערגרייכט
דעם ציל
פון די פאַרלאַנגען —
די נשמה.

## די פּאַלמע זינגט...

איך טייטל אַראָפּ מיט די לולב־צווייַגן,
מייַן הייכקייט באַדייַט נישט קיין גאווה.
מייַן לעבן איז אייביקער חוק פון שטייַגן,
אין קאַמף מיט דורשט און תּאווה.

וואָס זייַנען די הימלען? אַ ליידיקער חלל,
וואָס פוצט זיך צום בורא מיט שטערן.
צי זייַנען זיי ווערן צו העלפן עלול?
חלילה, אַן אָנשטעל פון טרערן...

די בלומען־פאַנטאַזיעס, דער שימער פון גאָלדן,
די זון מיט איר פרייַענדיק ברענען.
אַן עסק פאַר בינען. פאַר שמעטערלינג־יאָלדן.
זיי נאַשן וואו נאָר זיי קענען.

ווער ס׳קען זיך באַצווינגען, דער איז אַ גיבור —
אפילו אַן איילבירט־בוימל.
איך גיב מייַן נשמה דעם קאָקאָס־נוס איבער,
און זוך נישט קיין אייגננוץ קיינמאָל.

וואויל וויים איך: אַ רגע אַ לעצטע וועט קומען,
וואָס וועט פון דעם חוק מיך באַפרייַען.
און דאָס איז מייַן זינגען, און דאָס איז מייַן ברומען,
און דאָס איז מייַן ווינטלדיק שרייַען.

## ײַנאַוואַלקיאַס געזאַנג װעגן דער נשמה

(פינף־זעקס טויזנט יאָר צוריק׳ אינדישער בראַהמאַן.)

ד ע ר, װאָס איז דער ערד װאױנענדיק, איז פון דער ערד פאַרשידן,
און די ערד קען א י ם נישט, און די ערד איז זײַן לײַב,
און דעם מהות פון דער ערד רעגירט ער,
ער איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

ד ע ר, װאָס אין די װאַסערן װאױנענדיק, איז פון די װאַסערן פאַרשידן,
און די װאַסערן קענען א י ם נישט, און די װאַסערן זײַנען זײַן לײַב,
און דעם מהות פון די װאַסערן רעגירט ער,
ע ר איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

ד ע ר, װאָס אין די פֿײַערן װאױנענדיק, איז פון פֿײַער פאַרשידן,
און דאָס פֿײַער קען א י ם נישט, און דאָס פֿײַער איז זײַן לײַב,
און דעם מהות פון פֿײַער רעגירט ער,
ע ר איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

ד ע ר, װאָס אין די װינטן װאױנענדיק, איז פון די װינטן פאַרשידן,
און די װינטן קענען א י ם נישט, און די װינטן זײַנען זײַן לײַב,
און דעם מהות פון די װינטן רעגירט ער,
ע ר איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

ד ע ר, װאָס אין די הימלען װאױנענדיק, איז פון די הימלען פאַרשידן,
און די הימלען קענען א י ם נישט, און די הימלען זײַנען
זײַן לײַב,

און דעם מהות פֿון די הימלען רעגירט ער,
**ער** איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

**דער**, וואָס אין דער פֿינצטערניש וואוינענדיק, איז פֿון דער פֿינצטערניש פֿאַרשידן,
און די פֿינצטערניש קען **אים** נישט, און די פֿינצטערניש איז זײַן לײַב,
און דעם מהות פֿון דער פֿינצטערניש רעגירט ער,
**ער** איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

**דער**, וואָס אין דער זון וואוינענדיק, איז פֿון דער זון פֿאַרשידן,
און די זון קען **אים** נישט, און די זון איז זײַן לײַב,
און דעם מהות פֿון דער זון רעגירט ער,
**ער** איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

**דער**, וואָס אין די בּרואים וואוינענדיק, איז פֿון די בּרואים פֿאַרשידן,
און די בּרואים קענען **אים** נישט, און די בּרואים זײַנען זײַן לײַב,
און דעם מהות פֿון די בּרואים רעגירט ער,
**ער** איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

**דער**, וואָס אין וואָרט וואוינענדיק, איז פֿון וואָרט פֿאַרשידן,
און דאָס וואָרט קען **אים** נישט, און דאָס וואָרט איז זײַן לײַב,
און דעם מהות פֿון וואָרט רעגירט ער,
**ער** איז דײַן נשמה, דער אינערלעכער מנהיג,
דער אומשטערבלעכער.

## אָ, נעם מיך אויף...

אָ, נעם מיך אויף אין זיך, נאַטור,
און לאָז אין דיר מײַן זעלע פליסן!
אין דיר אַרײַנהויכן מײַן אינערלעכסטן שפּור,
מײַן גײַסט,
האָב איך זיך דורות לאַנג געפלײַסט
און נישט איין מאָל פלעג איך דורך דיר זיך זעלבסט
אין גאָט באַגריסן.

אָ, לאָז מיך פון דער גרויער ערד אויפשטײַגן:
אין גרינעם גראָז, אין שמעקעדיקע, בונטפאַרביקע בלומען,
אין וואָרצל פון דײַן בוים, אין זאַפט, אין גרינע צווײַגן,
אין פייגעלשן געזאַנג, אין פאַרביקן בין-און-פליגן-זומען.

אָ, לאָז מיך מיט די הימלען אָפּשפּיגלען די אומשולד-בלויקייט
אין דײַן תהום דעם טיפן,
לאָז אָצעאַנענס ציטערדיקע אויבערפלעכן
ווערן פון מײַן בליק געשליפן,
און די גרוישטיין-טריט פון דײַנע מאַכיקע פעלזן אין רגעם
פון התלהבותדיקן שטורעם-רעשן
מיט דער פאַליע צוזאַמען לאָז פון שטויב אָפּרייניקן,
מיט זילבערשוימען וואַשן...
און אין גליטשיקן רחבות פון אָצעאַנענס טיף,
אין שליף
פון פינקלענדיקע קאַלטע פיש,
פון קאָראַל און וואַסערפלאַנצן,
און אין קאָלירטן געמיש
אין אַלע זון- און וואַסער-גלאַנצן,
און אין אַלע שטומע שטאָפן —
אָ, לאָז אַרײַנבלאָזן מײַן גײַסט, מײַן אינערליך האָפן!...

# אַ פּלא

דאָס וואָלט זײַן אין יוראָפּ אַ פּלא,
להבדיל, אין דײַטשלאַנד אַ נס.
ס׳איז אָפן די טיר פון מײַן צעלע,
איך פיל זיך גאַנץ „קווײַט וועל״ — אַ, יעס!

ס׳איז אָפן די טיר פון מײַן צעלע—
אַ גאָרטן — מײַן פּאַוויליאָן.
באַנאַניען, בלומען, הימלען העלע,
ווי נאָר ס׳צינדט דער מאָרגן זיך אָן.

מען שליסט אויף דעם שלאָס און דעם ריגל.
ס׳איז „אָל־ראַיט״. דער „וואַטש״, ער היט.
כ׳וועל פליען? איך האָב נישט קיין פליגל.
כ׳וועל לויפן — וואוהין? איך בין ייִד...

„למאי בין איך פון ווארשע געלאָפן?
למאי בין איך פון רוסלאַנד אַוועק?
למאי דווקא קיין אינדיע געטראָפן?
למאי? למאי?״... קשיות אָן ברעג.

עס פרעגן די פרײַנט מײַנע קשיות.
דער שונא וואָלט גאָרנישט געפרעגט.
ער ליבט נישט קיין פּרושים, קיין רש״י׳ס,
ער וואָלט מיך שוין ערגיץ פֿאַרשטעקט...

כ׳רו אויס בײַ די פרײַנט מײַן אין תפיסה,
כ׳האָב צײַט. פאַר וואָס נישט? און איך קלער:
מײַן ווארשע — אין פלאַמען — מײַן זיסע,
דו זאָג זיי: ווי קום איך אַהער?...

## וועסט שוויַגן...

וועסט שוויַגן, וועסט שוויַגן — ס׳איז שעדלעך צו ריידן:
גיי, לייען אין תּפֿיסה די הייליקע ווערן,
גיי, לייען אין תּפֿיסה די אַלטע בריתן,
גיי, לייען אין תּפֿיסה האמערישע מיטן.

עס איז דיר געגעבן אַ האַרץ פֿול מיט זונען
געשיכטלעך אין גלגל החוזר פֿאַרשפּונען,
אַמאָל אויף די הימלען, אַמאָל אונטער קראַטן,
און תּמיד אין אויסטערלישע טאַטן.

דיר זיַינען געגעבן מיט הימלען קאָנטאַקטן.
דיַין רוח־הקודש, דיַין פּלי דעם געוואַגטן
קען קיינער חוץ בורא פֿון דיר נישט פֿאַרטריַיבן —
טאָ בלייַב־זשע אין תּפֿיסה — מיסטעריעס צו שריַיבן.

דו, דיכטער פֿאַרבענקטער, רו אָפּ אין דער תּפֿיסה!
אָט, לאָז זיך דיר דוכטן: ביסט אַחר המיתה,
געטראָגן אויף פֿליגל פֿון מלאך הדומה...
און אונטן, אָט, זעסטו די ימים זיך שוימען —

און כוואַליעס וואָס יאָמערן, וועלן וואָס קלאָגן,
וואָס ווערן אין מאַכיקע פֿעלזן צעשלאָגן,
ווי ס׳וואָלט גאָר קיין בורא נישט זיַין מיט דערבאַרמען,
אין אייביק געהויל פֿון די שטורעמס אַליאַרמען.

און כוואַליעס, וואָס שמייכלען אין זוניקייט. לאַכן,
ווי קינדער אין ראָזע באַגינענס דערוואַכן
ביַי ברוסט פֿון דער מאַמען, ביַים סמאָטשקע פֿון טאַטן,
און רווישיקן שפּיל פֿון די ברידערלעך־יאַטן...

און חורבות אין גרוזן, און שטעט קאַטאַקאָמבן
באַהילכט מיט קאַנאָנען, באַשאָטן מיט באָמבן
און רויכן און פלאַמען משוגע זיך כּעסן...
און ס׳לויפן פאַרטומלט מטורפע מאַסן.

איך רײַט אויפן מלאך הדומה אין בלויען.
און אונטער אונדז פלאַקערן הײַזלעך ווי שטרויען,
און בילדינגס ווי קעסלען צעזאָטענע, ברויזיק,
און ס׳הייבט אָן דער דומה צו טרײַבן אַ חוזק:

„עס רויכערט די ערד אירע ריזן־ציגאַרן,
ווי גאָר נישט איר מיינט מען. די פײַער־קאָמשאַרן...
עס האָט נאָך קיין גאָט נישט, קיין געטין פון אזיע
קיין מאָל נישט דערלויבט זיך אַזאַ מין פאַנטאַזיע”...

איך טו אים אַ קאָפּ מיט אַ זעלנערשן שטיוול
אין הינטן: — זײַ מוחל, האָב נישט קיין פּאַראַיבל,
און נאָך אַזאַ קאָפּע: — צו אַלדע רוחות!
אַ מלאך, וואָס טוט נישט בּשלימות זײַן שליחות...

דער דומה, אפּנים, ער לייענט געדאַנקען:
— וואָס טויג — זאָגט ער — חברל, אונדז זיך צו צאַנקען?
דו קאָפּעסט, דו שלאָגסט זיך. דאָ העלפט נישט קיין גבורה:
— מה שמיך? ביסט נאַר־וואָס געקומען לקבורה

און בר־מננס וואַרטן יאָרטויזנט אין קברים,
פאַרשאָטענע שאַנקן, צעריבענע ספרים...

איך:

— דו האָסט מיך דערלייזט פונם קבר, מסתמא,
האָט נייטיק דער הימל מײַן צאַפּל־נשמה...

דער דומה:

— אַי, אַי, אַי! אַי, אַי, אַי!... נשמה נאַאיווע —
מען איז נאָך נאָך דיר נישט געזעסן קיין שבעה,
צוריק אין דײַן קבר!... גיי, טענה מיט ווערים,
שעפּ נחת פון ריח פון צעלייגטע געדערים...

איך פאַל צווישן וואָלקן און פאַראַשוטן.
אַן אויפרײַס פון הײַזער. און איך פאַל אין מיטן.
עס דריקן מיך אײַזנס. עס קוועטשן מיך ציגל.
עס שנײַדט מיר דאָס לײַב אַ צעבראָכענער שפּיגל...

איך האַלט נאָך אין איין האַנט אַ שטיק בלויען הימל.
עס שווינדלט צעפינקלטער שטערן־געווימל.
עס ציטערט די ערד ווי ביינער צעבראָכן.
כ׳בין לגמרי אין קלעשציעס — די פינגער, די קנאָכן...

אין האַלדז וואַרגט דאָס לשון: — „רבונו של עולם,
איך ווער דאָ דערשטיקט, ווי אַ לײַמענער גולם:
— ראַטעווע!... וויל איך פון האַרץ אַרויס שרייען —
די אָדערן פּלאַצן. לית דין ולית דין!

כ׳קום צו זיך — אַ בעטל, אַ תפיסה — און קראַטן.

וואָס קאָנען זיי עצהן, וואָס קאָנען זיי ראַטן?

עס איז זיי געגעבן צו לעבן אין זשאַוור,
איין אײַזערנע שטאָבע באַהאָפּטן צום חבר...

ווענט ווײַסע אין שטויבן. גאַנץ לופּטיק, באַלויכטן.
אַ טישל. און ספרים — פון קדושה באַהויכטן:
תנ״ך, קאָראַן, ווערן, זאַראַאַסטראַ,
געשיכטע — אַ בלײַשטיפט... אַ מוראַשקע-כאַליאַסטרע.

אַ זוזלען, אַ זומען. און ווער קען אײַנליגן?
די מילבעלעך קליינע — נאָך ערגער פון פליגן —
אויף פענצטער, פאַדלאָגע, אויף קאָלדרע און ציכל,
דאָס קליינינקע נפשל, פּיצינקע איכל.

פאַרפיר אַ מלחמה מיט קליינע ברואים,
ווי ס'וואָלט זיי ווער שיקן: — גייט, לאָזט נישט צו־רו אים.
עס בײַסט און עס שטעכט און עס זומט און עס ווימעלט,
ווי איך וואָלט אין קבר יאָרהונדערט געשימלט.

ס'האָט „מאַזדאַ" פון לאַנג שוין געזאָגט: — זאַראַאַסטרא,
דו זאָלסט נישט צעשטערן מײַן פליגן-כאַליאַסטרע!
די מוראַשקעס, די מילבן, די כל-ערליי בינען —
עס לעבט און עס אָטעמט — און איך בין דערינען...

די טיר פון מײַן צעלע איז קראַטיק און אָפן —
דו קענסט גיין שפּאַצירן, קענסט ליגן און שלאָפן.
עס אָטעמט אַ מאַנגאָ-בוים גרין און ליכטיק.
אַ „באָי" ברענגט דיר עסן — אַלץ אינדיש און ציכטיק.

רײַז, לינדזן מיט פעפער... און װעמען שרעקט פעפער?
דאָס װעט דיך אין אינדיע נישט לאָזן זײַן פעפער,
דאָס ברױט אין די בלוטן: גיט פרישקײט, התלהבות —
אַ „קעררי" מיט פעפער — ס'איז אינדישע תאװות...

און איך האָב אײן תאוה — די פרײַהײט, אַ הײמלאַנד!
אַ חבר, אַ מענטש מיט אַ האַרץ פאַר מײַן טרױמלאַנד!
װעסט שװײַגן, װעסט שװײַגן — ס'איז שעדלעך דײַן רײדן:
ס'איז פּליג אומבאַרירלעך... און איך מוז דאָ ליגן!

## די שטיוול

דער גרױסער שאַח פון פּערסיען,
(אָ, נעמט נישט קײן פּאַראַיבל!)
ער האָט אַ חוץ זײַן קרױן נאָך
אַ פּאָר געפּוצטע שטיוול...

זײ הענגען אין אַלע סאַלאָנען,
זײַן עשרות צו אילוסטרירן.
יאָ, יאָ, אין פּערסישן מלכות,
די שטיוול, די שטיוול דיקטירן...

די תושבים אין זײַן מדינה,
זײ קומען פאַר אים זיך בוקן,
אַ פּאָר געפּוצטע שטיוול
צו קענען מיט קנאה באַקוקן...

ער בױעט זיך שטעט מאָדערן,
זײַן טעהעראַן איז פּרעכטיק,
דאָך שײַנט מיר אױך זײַן שטערן
צו זײַן פאַרבלוטיקט, פאַרדעכטיק...

## צו די פּאַריאַס...

איך האָב די קראַטן צעקנייטשט מיט מײַנע הענט.
איך האָב מיט מײַן אָטעם צעבלאָזן די ווענט.
צעבלאָזן דעם שלאָס און די אײַזערנע טיר —
נישט פאַר מיר!

מיר און פענצטער אָפן —
איך בין נישט אַנטלאָפן.

איר זענט כּמעט אויפן שוועל
פון מײַן צעל
געשלאָפן.
מיט די ברייטע נאָזלעכער געכראָפּעט.
ווי בהמות געסאָפּעט.
איך האָב אײַך מיט די פיס געקאָפּעט,
די פענק שליסלען אין מגושמדיקע הענט,
„וואַטשן" פון נישט עקזיסטירנדיקע תּפיסה־ווענט!

אַנטקעגן מײַנע אויגן אַ רעוואָלווער געהאַלטן,
אַנטקעגן מײַן שטערן, אין רונצלען צעשטראַלטן,
און קעגן דעם האַרץ, דעם פולן מיט שוימענדיקע זאָרגן.
און צומאָרגנס,
ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען
קומט איר ווידער מיט פּאַמעלעכע טריטעלעך
אין זונאויפגאַנג צו גיין:
— „סאַלאַם, סאַב, סאַלאַם!"
און אײַער פּנים רויטלט נישט קיין בושה־פלאַם.
אַפילו נישט קיין ציטער פון אַ ברעם.

קיין צייכן נישט פון הארצנס-קלעם:
בטל אײַער יש!
איר עסט נישט קיין פיש,
איר עסט נישט קיין פלייש,
איר עסט אפילו נישט אויף קיין טיש,
א לעפל איז ביי אייך א שאנד.
איר עסט אפילו אײַער סוף מיט דער האנט.

און רויטע מלכות-מאנטלען טראגט איר,
און משאות אויף די קעפ.
און וואס פארמאגט איר?
מען פארגינט אייך אפילו נישט, ווי דעם כינעזער, לאנגע צעפ,
נאר אין מיטן קאפ קאלטענעוואטע צעפלעך,
און די קינדער צעפלאטשיקט איר קליינערהייד די קעפלעך,
זייער מוח זאל זײַן ווי די טויטע אבות געפעלט,
איר לעבט כמעט אין א טויטער וועלט,
געבארן פון עפעס א זשיעליע אין פעלד...

און איינער דעם צווייטן זענט איר תמיד קידער-ווידער,
אך, פערציק מיליאן אזעלכע אומגליקלעכע ברידער!

און וואס פארשטייט איר, פאריאס, קולים!
פון אייך שטאמט דער מוסטער, ווי אזוי א צלם אלהים,
א נול איז!
איך האב געוויינט אזוי ביטערלעך,
ווײַל, ווי קען מען זײַן אזוי נישט ריטערלעך?
איך בין דער הונגער-סימבאל.
איר האט מיך גרויזאם געשלעפט צום שפיטאל,
געצוואונגען מײַנע נאזלעכער צו עסן,
פארשוועכט מײַנע הייליקסטע הונגער-מעתלעתן!

ווײַל איר ציטערט פֿאַר אײַער קאַריערע.
די שריפה פֿון אַ גאַנצער וועלט איז פֿאַר אײַך אַ קליינע לערע!

און וואו נאָר מען האָט מיך אונטער שלעסער פֿאַרשלאָסן,
איז זיך דאָס שטאָל צעפלאָסן,
דאָס אײַזן צערינען,
און איך בין נישט דערינען.

איך האָב די קראַטן צעקנייטשט מיט מײַנע הענט,
איך האָב מיט מײַן אָטעם צעבלאָזן די ווענט...

## ברוין וואַסער

איך בין געווען אין דרום־אַפֿריקע אין אַ שטאָט,
וואו דער גרעסטער קלאָון, דער גרעסטער שפּאַסער
איז דאָס וואַסער.

לויטן קאָליר — ברוין, ענלעך צו פֿאַרגליווערט בלוט.
און ווייך ווי בוימאייל צו פֿריזירן האָר.
און צום קאָכן: פֿילבאַר, ליבנסווירדיק, באַטעמט, גוט.
נאָר
פֿאַרן גר, פֿאַר דעם, וואָס קומט צו גאַסט אַהער,
איז דאָס וואַסער ביטער און געזאַלצן, ווי אַ טרער.

## בלעקאַוטן

און וואו איך קום, באַגעגנען מיך בלעקאַוטן,
פּראָזשעקטאָרס בלאָנדזשיען אין די הימלען מיט פאַרדאַכט.
און וואו איך קום — מען בלוטיקט... מען וועט בלוטן.
דאָס אויג אַרײַנגעוואַקסן אין ליכטלאָזער נאַכט...

שוואַרץ פאַרשאָטנט שטייען שווייגנדיקע בילדינגס.
אויף פענצטער בלינדע ברילן, אויף טירן — אָבל שטאָרן.
און פינצטער די בולוואַרן, אַ שיכּרות, אַ פאַרווילדונג...
געזאַנג און ניבול פּה און רוישיקע מאָטאָרן.

קאַפעען, טישלעך, געפּאַקט מיט טרינקנדיקן עולם.
אין די הענט — צײַטונגען. מען זופט די דרשה־פּראַזן.
עס דרייען זיך אין דאַנסינגס די פּאָרלעך, ווי פאַרגולמט,
צעחושטע אין דעם ריטם פון די „נעטיווס" דזשאַזן.

אויף גרינלעך גלאַטע מונדירן קיין זכר נישט פון אונדזער טרויער.
און נישט קיין איינציקע טרויער־ליפּ פאַרביסן מיט צאָרן.
דער מענטש מוז זײַן אַ דראַסטיק־דינער, שלאַנקער, עלעקטריש־
ברִיענדיק און גרויער,
און מאַנאַטאָננע, ווי דער רויש פון פרעמדע מאָטאָרן...

אַ ווײַסער „נעטיוו" טאַנצט אין ריטם פון דעם שוואַרצן.
דער שוואַרצער ברוגזט זיך אויף „אַנלי אויראָפּייען".
צום עסן און צום באַקסן די אַרבל זיך פאַרשאַרצן,
אַ גיריקער נאכל ונשתּה... און מאַרשן פון אַרמייען.

## צו מײַן טאָכטער...

דורך דײַנע אויגן קוקן די אמהות מיט טרויער,
אויף דײַנע ליפּן בלאַנדזשעט זייער שמייכל נע־ונד.
און ווער ס׳באַגעגנט אונדז, מורמלט: — יפת־תואר!
און קיינער קען זיך נישט מיט דיר אָנקוקן זאַט.

עס פלאַטערן אַרום דיר באַפליגלטע קאָמפּלימענטן,
פאַרוועבן זיך, ווי אַ גלעט איבער זײַדענע האָר,
פאַרבײַ דעם ראָזן אויער, פאַרבײַ דעם בליק צעבערענטן,
און ווי די יוגנט־ווינטלעך, ווי די שמייכל־יאָר.

עס זײַנען, זאָגסטו, קאַלט אַזוי די אכסניה־שפּיגלען,
עס זײַנען, זאָגסטו, פרעמד אַזוי די אכסניה־ווענט.
זיי שמידן מיט אַ פּראַקטיקייט דײַנע יוגנט־פליגלען,
זיי לעשן דיר דעם שמייכל אויס, דעם טעמפּעראַמענט.

דו ווילסט זיך, טעכטערל, אין יוגנט־טעג פאַרשאַנצן,
אין ריטמישע באַוועגונגען פאַרוואַנדלען וואַגל־טריט —
מיט טאַנגאַ, רומבאַ, פאָקס־טראָטן דעם נע־ונד פאַרטאַנצן,
און פּטרן פון בלוט אַרויס דאָס אַלטע וואַנדער־ליד.

דו ווילסט, מײַן טאָכטער, מורד זײַן אין אונדזער וואַנדער־שטערן,
וואָס יאָגט אונדז נאָך פון באַן צו באַן און פון שיף צו שיף,
דו ווילסט, מײַן קינד, איין ווינקעלע זאָל דײַן היימלאַנד־ווערן,
און מעג עס זײַן אין וואָלקן־גרויי און אין אָפּגרונט טיף...

עס לויפן אונדז מדבריות נאָך מיט סווישצענדיקע ווינטן.
מיט זאַמד־קליידער צעפּאָכעטע — אין טאַנץ־זאַל, אין סאַלאָן.
עס קריכן אונדז די פעלזן נאָך אין גערטל אין צעגרינטן,
די אייביקייטן שווײַגעניש... וואָס גייען מיר זיי אָן?

עס רעשן ימען אַרום אונדז — אויף אונדזערע געלעגערס,
ווען מיר טוליען זיך אין קאַלדרעס פרעמדע אין האָטעל.
זיי שוימען זיך פאַרהאַוועטע — און פינקטלעך אויפן זייגער —
מיט צופּלוסן און אָפּפלוסן — אויף אימיצנס באַפעל.

די פעלדער די פאַרשאָלטענע — מיט שוואַרצן שטיין באַוואַקסן,
וואו זעלטן בלאָנדזשעט אויף אַ קעמל אַלטער בעדואין,
זיי קומען אָפּט צוגאַסט צו אונדז, לחלוטין אומגעבעטן...
זיי קלאַפּן אין דער טיר בײַ אונדז: — באַקשיש... אַ ביסל גרינס!

די בעטלער אָפּגעשליסענע פון אַלע מזרח־לענדער,
זיי טרעפן פונקט צום מיטאָג אונדז, צום געדעקטן טיש.
זיי פרעסן מיט די אויגענעם וואָס נאָר עס ליגט אין טעלער,
זיי דראָען מיט די דאַרע הענט: — באַקשיש, באַקשיש, באַקשיש!

## עס האָבן זעלנער...

עס האָבן זעלנער פון „קאַנוואָי" פאַרנומען די סאַלאָנען.
זיי טרינקען ביר, זיי רויכערן, זיי ריידן נבל פה.
דו שרעקסט זיך נישט, מײַן טעכטערל, מיט זיי זיך צו באַקאָנען,
זיי וועל׳ מיך נישט באַליידיקן, זאָגסטו, אויף כּי הוא זה!

„די „באָיעס" אונדז פאַרטיידיקן, ס׳איז זייער בלוט געהייליקט,
זיי מעגן ריידן וואָס זיי ווילן — ס׳איז תפילה זייער וואָרט.
איך טרינק מיט זיי, איך טאַנץ מיט זיי—בין איך אין קאַמף באַטייליקט.
אין דזשאָנגלען ווילדע באַלייט איך זיי, שפּילנדיק אין קאָרט!"

## און נאָך אַ האָטעל...

און נאָך אַ האָטעל. און נאָך אַ מלינה.
און שטיין בײַ נאָך אַ קאָנסולס טיר.
אַ שמייכעלע. אַ טרויער-מינע
צו אַ סטעמפּל אויף פּאַפּיר.

אַ גליק — ווען פֿאָרן איבער ימען,
ווען צוואַרפֿן געדאַנק דעם תּהום.
און דאָס לאַנד פֿון טאַטע-מאַמען
געלאָזן הינטער זיך... אין שום!

און נאָך אַ לאַנד, אַ פֿרעמדס, באַגריסטו!
און נאָך אַ „שלום" אַ פֿרעמדן ברעג.
וואוהין-זשע לויפֿסטו? וואוהין-זשע פֿליסטו?
אַזאַ מין ווײַטער וואַסער-וועג.

ס'איז גאָר נישטאָ קיין צײַט צו טראַכטן,
צו דערטראַכטן ביזן סוף
דעם גאַנצן וועג, דעם דורכגעמאַכטן,
דעם גאַנצן חושכדיקן שטאָף...

# איך האָב גומל געבענטשט...

(דעם האַרציקן רב ד"ר פרידמאַן,
דירבאַן, דרום-אַפריקע)

מען האָט קדיש געזאָגט. איך האָב גומל געבענטשט
נאָך אַ ווײַטער נסיעה אויף ים.
און דער עולם אין שול האָט אויך עפּעס געזאָגט —
האָט מיטגעבענטשט גומל, מסתּם.

כ'האָב די ברכה געמאַכט. ס'האָט געציטערט מײַן קול
מיטן ציטער פֿון כוואַליע אין ים.
עס האָט אָמן געענטפֿערט דער עולם, דער רב,
אַ האַרציקן אָמן, אָן פּגם.

ווי דער עולם וואָלט מיט־זײַן מיט מיר אויפֿן שיף
אין די טונקעלע נעכט פֿון בלעקאָוט.
אויפֿן דעק געשפּאַצירט. אין די שטערן געקוקט
מיטן ציטער פֿון חשד אינם בלוט...

— „יענער שטערן צו גרויס... און ער פֿינקלט צו פֿיל,
גיי! וואָרן דעם קאַפּיטאַן...
זע, ער בײַט אָפּט זײַן אָרט. דאָך מען הערט נישט קיין רויש.
גאָט צו דאַנק! נישט קיין עראָפּלאַן!"

פֿינצטער וואַסער זיך קנוילט. כוואַליעס פֿליסקען צו הויך.
זע, עס טוקט זיך פֿאַרדעכטיק רויט ליכט!
— על תּפֿתּח פּה לשׂטן! און מיט שרעק קלאַפּט דאָס האַרץ
ס'אָטעמט פֿאַליע מיט וועלט־געריכט!

מען קוקט אָן די רעטונג־שיפלעך מיט שרעק.
אין האַלב־טונקל אַ ווײַבל דערציילט:
— „אויף שווימבּרעט געטוליעט צום האַרצן דאָס קינד
צוויי מעת־לעתן — פאַרגרינט און פאַרגעלט!

און קיין בּיסן אין מויל. און ווי גומי די צונג.
און דאָס ים־וואַסער פּליסקעט, אַ שרעק!
און דאָס קינד ליגט אָן חיות בּײַ מיר אויף די הענט,
און איך קוק אויס די אויגן אַ בּרעג!

נישט קיין פויגל בּײַטאָג, וואָס זאָל בּרענגען אַ גרוס,
אַ בּשורה: — אַ ישוב איז נאָענט!
נישט קיין ליכטל בּײַנאַכט, אין געפּליסק, אין געהויל —
רק מיט גרויקייט באַגינט האָריזאָנט!

און צוויי טעג און צוויי נעכט, אָן לבנה, ווי הײַנט...
אין אַ מדבּר פון וואַסער און ווינט.
און צוזאַמענגעקנייטשט, און פאַרגליווערט די הענט —
אויף די הענט ליגט אָן אָטעם מײַן קינד!"

מען האָט קדיש געזאָגט. איך האָב גומל געבּענטשט
נאָך אַ לאַנגער נסיעה אויף ים.
— און דעם עולם אין שול האָט געפּײַניקט אַ טרער —
די טרער פון פאַרוואָגלטן שטאַם!

## פתום ורעמסס

פון פּתום ורעמסס בּיז טאָקיאָ,
פון סדום ועמורה בּיז בּערלין —
נאָך סמאַרעוועט די בּײַטש מיט אכזריות,
איך לויף נאָך פאַרצווייפלט — וואוהין?

פון טורעם אין בּבל בּיז ניו־יאָרק,
פון נינוה בּיז לאָנדאָן דער שטאָט —
מיט שיף, צי מיט עראָפּלאַנען,
כ׳אַנטלויף נאָך, ווי יונה פאַר גאָט!

צי ווער איך פאַרשטיינט ווי זכריה,
צי טרינק איך דעם סם ווי סאָקראַט,
צי ווער איך געקרײַצט ווי דער נוצרי —
מײַן בּלוט מאַכט די קינס נישט זאַט!

## אויפן אַטלאַנטיק

דו האָסט אַזויפיל וואָלקן, גאָט,
די הימלען צו פאַרדעקן;

דו האָסט אַזויפיל ווינטן, גאָט,
די אָפּגרונטן צו וועקן;

דו האָסט אַזויפיל רחמים, גאָט,
עס קען פאַר אַלעם קלעקן!

## פאַרן עקוואַטאָר

**א.**

איך בין לאַנג געזעסן אויפן דעק פון שיף
די אויגן צוגעבונדן צו די ווייַסלעכע בערג —
רופט עס אַן נאַטור, רופט עס אַן בוראס ווערק,
למאי נפקאַ מינה ?
קלענער ווערן די ווייַסע הייַזלעך אונטער ביימער גרינע
איינגעשרומפּן ווערט דער „מאונטן־טעבל“,
ביסלעכווייַז, ביסלעכווייַז פרעסט אים אויף דער נעבל.

די גרויקייטן באַהויכן די בלויע טיף.
די ווינטן — קעלטער, פּראַסטיקער בלאָזן.
די ווייַסע מחנות שוואַרצפליגלדיקע אַלבאַטראָזן
ווערן אַלץ שיטערער און שיטערער,
די ווייַסע באַרגשטויבן פינקלען גרויער, ביטערער.

— למאַי, אין מלחמה צייַט, אין אַזאַ נסיעה אַרייַנגעקראָכן ?
אויפן ים... הייַנטיקע צייַטן... גאַנצע דרייַ וואָכן ?
אמת, אַן אַמעריקאַנער שיף —
אָבער, ווער איז הייַנט אַ בעל־הבית איבער די ימענס טיף ?

אה, אַזאַ מין רחבותדיקע אָצעאַן־פּאַנאָראַמע !
און דאָך איז די יבשה דעם מענטשן תמיד אַ געטרייַע מאַמע.
אַזויפיל ניואַנסן אין בלוי פון וואַסער און ווינט,
און אַפילו די וואָלקן מינען געשווינדט :
זילבער, מאַרמאָר און באַזאַלט
גרויער און גרויער... קאַלט !

און וועמעס אויג האָט ניואַנסירט די דינקייטן פון די פאַרבן?
צו וועמעס אויער איז לאַנסירט דאָס געפּלאַפּל פון די וועלן?
און וואוהין שלעפּן די ווינטן די שוואַרצע כמאַרע־גאַרבן?
און פאַרוואָס ווילן דווקא די נעפּלען פאַר מײַן בליק די בערג פאַרשטעלן?

רעשיקער שוימען די ווײַסע זילבערן אַרום אונדזער שיף,
און יעדעס זייפנבלעזל מיט זײַן פינקל און זײַן קאַפּריז,
און איך, די קרוין פון דער בריאה, דער ריז,
געטראָגן אויף די פליגל פון דער סטיכיע,
איך בין אַזאַ חלוש — אַ קינד.

פאַרזונקען אין מי ימות ומי יחיה...

און די בלויקייט פון די וואַסערן פאַרשווינדט.
דאָס וואַסער גרינט, און גרינט און גרינט —
ווער זויגט אויס אַזוי דורשטיק מיט אומגעזעענע ליפּן
די בלויע פאַרבן?
און ווער מישט די גרינקייטן מיט טינט.
עפּעס פילט זיך אין דעם אַ פּאַמעלעך שטאַרבן —
פאַר וועלכע זינד?

די פאַראייניצלטע אַלבאַטראָזן
ווערן ווייניקער,
קרײַזן פאַרזיכטיק, פאַרלאָזן.
און דאָס אָרעמע האַרץ הייבט אָן ווערן אונטערטעניקער
צום ביטערן געדאַנק וועגן צופאַל, נס...

און צוזאַמען מיט די גרויסע עפּאָפּייען־זילבערנעצן
און דעם בייזערן זיך און ביטערן העצן

פון קאַלטע ווינטן,
פאַרזינקן צו די גרונטן
מעט־לעט נאָך מעט־לעט.

ב.

אַ טאָג אַזאַ גרויער מיראַזש,
פון וואַסער און וואָלקן און ווינט.
ער שרעקט מיט אבילות און אַש
און שטראָפט נישט באַגאַנגענע זינד.

אַ גרויער, אַ האַרצלאָזער טאָג,
און שוימען מיט געלע ציין...
ער וואַקלט די שיף אויף זײַן וואָג
פון לעבן און אונטערגיין.

אַ טאָג אַ קאַלטבלוטיקער פיש,
די אויגן צום אָפּגרונט געווענדט,
סכּנות מיט ניסים־געמיש,
און שטראָמען פאַרבראָכענע הענט!

ג.

און ווידער אויף די ליפּן דער שמייכל
פון פּקוח, דעם אַלטן בעל שכל:
— נישטאָ קיין אַנדער מיטל
ווי ביטל!

מה אנוש כי תזכרנו
ובן אָדם כי תפקדנו?

שפּראָץ אַרויס אַלטע בּלום פון דער יִידישער נאַטור,
גענוג זיך געחכמהט, געקליגלט,
אין אייגענעם שכל זיך געשפּיגלט,
און אין אייגענער אומווּיסנהייט: — בּור!

אַ ניגון שפּאַלט מייַנע ליפּן — איך דערפיל אים,
און אַלע בּיינדעלעך יערן, יערן,
און אין די אויגן קומען טרערן:

תהילים!

— „אַשרי משכּיל אל דל"...
און לכתחילה מיט אַבּיסל אַ פאַרשעמטן, ציטערדיקן קול,
אַ שטימע, וואָס איז נאָך אַ געמיש פון פאַליע־געפּלאַפּל
און הו־האַ פון שטאָט,
און בּיסלעכווייַז, בּיסלעכווייַז, ווי דער בּשר ודם וואָלט זיך
פּאַמעלעכער מתקריב זייַן צו גאָט,
פאַרשווינדט די שווערקייט, דאָס חומר־פּראָבּלעם,
די שרעק.
און ווי צוזאַמען מיטן בּרעג און די גרויע בּערג,
וואָלט אויך די שווערקייט פון חומר אַוועק:

— בּיום רעה ימלטהו ה' — שם!

אַראָפּגעפאַלן די שאָלעכץ פון דער וואַקלענדיקער זעל.
רואיק שנייַדט די שיף די גרויע פאַלענדיקע וועל,
און דאָס האַרץ שטייט אָנגעלענט אָן א י ם,
ווי אָן אַ פעסטער וואַנט,
ווי אָן פעסטן לאַנד —
און ער רעדט צו מיר דורכן וואַסערס שטים,

און ער רעדט צו מיר דורכן ווינטלס ווי —
און וואָס ער רעדט צו מיר? איך ווייס נישט
און — פאַרשטיי:
— לא נירא בהמיר ארץ
ובמוט הרים בלב ימים...

עס שרעקט אונדז נישט דער ערדס קיין ציטער,
און נישט ווען הויכע בערג אין האַרץ פון ים פאַרשווינדן.
און מעג הילכן שטורעס,
און מעג בלענדן געוויטער,
מיר זײַנען תמיד פון אים געטראָגן ווי קינדער אויפן אָרעם,
און מעג אַ לאַווע־אויסבּרוך אין די בערג
דעם הימל אונטערצינדן,
מיר זײַנען אַלע, אַלע דײַנע ווערק —
מיט האַרץ צו דיר געבּינדן!

ד.

און האָסטו געהערט אַ היסטאָריע?
אַזאַ מין ריזיקע לאַבּאָראַטאָריע
און קיין בעל־הבית נישטאָ —
און ווי מיינסטו, פרײַנד?

פון אונטער אַ וואָלקן אַ ביסעלע זון צעשײַנט
אַ גאָלדענעם דלות,
ווי אַ מין עטרה פון אַ צעריסענעם טלית,
נאָך וואָס?

ניין, מײַן פרײַנד, איך זוך נישט אין דעם בלענד־ווערק
קיין באַזונדערן שכל —
עס האָט זיך זײַן לאָגיק יעדער שמייכל,
און דאָך ס'אַ פאַרדראָס!

פון די נאָך גרינלעכע וועלן שווימען אַרויס
ברייט-פאַרצווייגטע פאַרעלעך ביימער.
זיי זײַנען מיר געווען אַזאַ געטרײַער שומר.
אונטער זיי פלעג איך זיך אויסבאַהאַלטן
אינגאַנצן אין אַ שוויים אַ קאַלטן..
איך געדענק נאָך ווי איצט...

אויף די פעלדער באַזײַט פון פוילנס שליאַכן.

איך דערמאָן זיך פלוצלינג, ווי איבער אונדז האָט געדונערט
און געבובעט מיט ווײַסע וואָלקנדלעך און געבליצט
כמעט ווי צווישן די בלעטער,
מיר זײַנען געלעגן אין אַ ראָוו און זיך צונויפגעטוליעט
כמעט זיך געדריקט איינער צום צווייטן
און איך האָב מײַן פרוי געטרייסט און געזאָגט:
— נישקשה! גאָט איז אַ פאָטער, גאָט איז אַ רעטער,
לאָמיר אים בעטן...
און פון יעדן פון אונדז אַ קאַלטער שוויים שלאָגט
און אויבן הערט נישט אויף צו קראַכן,
און איך טראַכט: — אָ, ער זאָל איבער אונדז וואַכן
וועט אונדז גאָרנישט געשען!
דאָס איז געווען אַזאַ מין געוויסהייט פון זיך אַליין,
דער שכל איז געווען אויסער זיך — ער האָט זיך אָפגעזאָגט
פון זײַן הויפט-פונקציע — קלערן און געבן צו פאַרשטיין!

מיר זײַנען געווען, ווי וואָרצלען, פאַרוואָקסן מיט בוים,
און אַפילו דער בוים זאָל פאַלן, וועט ער אונדז בלויז
פאַרדעקן אין רוים.
אָבער מיר, די וואָרצלען, מוזן בלײַבן —
און קיינער וואָלט די זיכערקייט נישט געקענט
פון אונדזער האַרץ פאַרטרײַבן.

און איך זוך אין זיך איצט דעם בטחון
אַ זיכערקייט אויף גאַנצע דרײַ וואָכן
און קען דאָס נישט געפינען,
איך בין ווי אין קאַלטע שוימנעצן אַרומגעשפּינען!

אַ וואַקל אַהין, אַ פינקל אַהער,
אַ גלאַנץ אין מיליאָנען זײפנבלאָזן,
נישטאָ זיך אויף וואָס צו פאַרלאָזן —
עפּעס ווי ע ר וואָלט זײַן נישט ע ר!

און גרויער, קעלטער, אײַנגעשרומפּענער ווערט דאָס וואַסער,
און דער אַטלאַנטיק איז נישט קיין קלײנער שפּאַסער,
נישטאָ מער קיין ברעגן,
נישטאָ מער קיין בערג,
אַלע פּאַליעס זײַנען וועגן
צו זײַנס אַן אומבאַשטימטע ווערק.

און אַפילו די מעוועס הייבן אָן בײַ זיך בטל ווערן,
וואַקלען זיך, ווערן אומזיכער, קלײנע קעפּלעך נעמען קלערן:
צו וואָס נאָכלויפן, צו וואָס נאָכיאָגן סתּם אַזוי זיך אַ שיף —
אַ מעווע האָט נישט מער וואָס צו זוכן אין די אָצעאַנענס טיף,
און נישט אין די קאַנאַטנס דינאַמישן ציטער,
גענוג געווען צום מענטשן שטרויענע ריטער,
און אים באַלייט אַרוים ביז אין מיטן ים
לשם הומאַנישקייט — סתּם!

און די שוואַרצע פליגל פון די ווײַסע פייגל ווערן נעלם מיט די פייגל צוזאַמען,
און עס קומען אַזעלכע נאַרישע געדאַנקען, ווי זיי זאָלן פון כעלם שטאַמען!

ער זאָל, חלילה, נישט ווערן זיך אַ שפּיל טון,
מאַכן מיט אונדז אַזוי זיך אַ וויץ,
אויף קאַטאָוועס אַ שטורעם פונאַנדערוויקלען,
אַ שרעק טון מיט אַ בליץ,
אַזוי, לשם אַפּקומעניש, לא עליכם —
יאָ, פאַר שווײַגן אַליין קומט שוין אַ יישר כּוח א י ם!

און מען איז אין ז ײַ ן רשות. ווי קען מען זיך פון א י ם היטן:
— רבונו של עולם! אין דעם ים... דאָ... אין מיטן?

און אָט די פאַליעס — וואו האָבן זײַ זיך אויסגעבאָדן אין טינט?
און די האָריזאָנטן אָנצוטאַפּן, נאָענט, קורצזיכטיק, האַלב-בלינד...

## ח.

און אונטער די אויגן איז אויסערן האַרץ —
פאַרגעסן דאָס היימלאַנד, וואו טאָג איז שוואַרץ.
ווי פינצטערע קנוילן אין כמאַרע-הענט —
מיר ווערן געפּײַניקט, געמאַטערט, געשענדט...

פאַרגעסן די קרובים, פאַרגעסן די פרײַנט —
זיי וואַרגן זיך אפשר מיט ליפּענעם הײַנט,
מיט שאָלעכץ פון בריקווע, מיט אָפּפאַל פון קרויט,
געשטיקטע — איין גאָט ווייסט! — אין וואָגן פון טויט...

און אפשר? — איין גאָט ווייסט! — וואָס טוען זיי איצט?
זיי גראָבן די זאַמדן... מיט ציינער פאַרקריצט,
און מורמלען: — אחד!... מיטן רידעל אין האַנט —
און וואַרטן דײַן הילף אויף קברים ראַנד...

און ווידער בין איך שטיל.
דער ברעג וואַרפט צו אַן אומעטיק געפיל
פון אַ צעצויגענעם: — יתגדל ויתקדש־ניגון.
די אָרעמע, בלעכענע בענקלעך פון שיף, סקריפּענדיק, זיך וויגן,
עס צאַפּלט זיך אַ יללהדיקע טיף,
עס צאַפּלען זיך פול מיט עלעקטרע די אָנגעצויגענע קאַנאַטן.
און אַפילו די שוימענגעצן דערמאָנען אַן אַלטע, פאַרזשאַווערטע
קראַטן...
די גאַנצע שיף, אַ סאַפּענדיקע, איילט זיך דורכצושניידן
דעם גרויען קאָשמאַר,
עס לעבט אין אַלעם אַזאַ מין פאַרגעפיל פון געפאַר...

ז.

אָ, וואו ביסטו פאַרשוואונדן, אינדיע, פרומע, הייליקע,
דו וואונדערלאַנד?
אין דיינע הימלען איז אַ וואָלקן אין מיטן יאָר אַ שאַנד!
דיינע נעכט זיינען טאָפּלט געבענטשט מיט שטערן
איך פלעג דעם שטילן ציטער פון די וויטסטע סטרונעס הערן!
אָ, יענע נעכט, ווען דער ליכטיקער, אין נהורה די נור געטובלטער,
צפון־בער
ווינקט זיך איבער מיטן פינקלנדיקן מוזיקאַלישן אָריאָן:
— מיין טייערע, וואָס האָב איך דיר שלעכטס געטאָן,
וואָס דו האַלטסט זיך פון מיר אַזוי וויט?
איין גורל באַגרעניצט אונדזער צייט,
און קורץ איז דאָס לעבן. וואָס טויג זיך צו ישובן?
קום, לאָמיר די פּאָר מיליאָן יאָרן פאַרכישופן!

מען ווערט אַלט און קאַלט און צעשאָטן —

די הערצער וואָס האָבן מיט ליבע געזאָטן,
און ווײַט זיך געהאַלטן פון אַנדערע וועלטן,
זיי ווערן אין הייליקע ספרים דערמאָנט אַזוי זעלטן...

און וואָס טויג דאָס ליכט און וואָס טויג די שײַן,
וואָס טריפט אויס אָן ליבע אין אָפּגרונט פון זײַן,
און גרייכט נישט צו עמיצענס וואַרעמען בליק,
און גרייכט נישט צום האַרצן, וואָס זוכט בײַ דיר גליק?

דער אָריאָן ענטפערט: — מײַן ליבע בערין!
נישט איינמאָל פלעג איך פון דײַן ליכטיקייט קלערן,
די זיבנאייניקייט אין ליבע פאַרבונדן,
זי האָט נישט איינמאָל אין מיר אָנגעצונדן
אַ זיסן געפיל, אַזאַ וואונדערלעכן ניגון —
ווי איך וואָלט זיבן וועלטן אין מײַנע אָרעמס פאַרוויגן.

דאָך, גאָט ווייסט צי מיר זײַנען ביידע אַ זיווג,
עס לעבט אין מײַן האַרצן אַ קלעזמערשער דבוק!

און ווען דו וועסט דאַרפן אָנפירן מיט שיפן,
וועל איך גאָר בלאָנדזשיען אין אַנדערע טיפן.

דו וועסט זיך צעחושן... דײַן שליחות פאַרגעסן,
מיר וועלן זײַן אומגליקלעך גאַנצע מעת-לעתן...

עס איז אונדזער גורל צו פינקלען פון ווײַטן
אין גלגל החוזר, אין אָפּגרונט פון צײַטן...

ז.

— כנהר פלגיו ישמחו עיר אלוהים,
קדוש משכני עליון.

און דאָס וואַסער איז שטאָט,
און דאָס פייַער איז באָרט —
אַז דו בעטסט זייַן גענאָד
מיט געהייליקטן וואָרט.

און נישט ווייַט איז קיין ברעג,
און נישט טיף איז קיין ים.
יעדע פּאַליע איז וועג
פאַר נשמה אָן פּגם!

ס'איז אַ ברודער דער פיש,
און אַ שוועסטער — קאָראַל,
שוואַרצער „באָי" ביי דייַן טיש —
מאָרגנס גאָלדענער שטראַל!

ברויט געבאַקן פון בלום,
און נאָך לייַכטער פון לופט.
עס פאַרשמעקט דעם אַרום
פול-געווירציקער דופט.

יעדע לעפל געקעכץ
איז אַ בעכער מיט ווייַן.
און פון לינקס און פון רעכטס
שמייכלט קינדישע שייַן!

נישט קיין וואַקל פון שיף,
אָן אַספאַלט-אָצעאַן!
און ווער ברויכט אַ שפּאָקטיוו,
ווען ד ו ביסט קאַפּיטאַן?

ז.

צעבייזערטע פאַליע ברומט און ברילט,
דינאַמיש זידן קאַנאַטן,
דער ים אין מיר איז אײַנגעשטילט,
כ'פאַרלאָז זיך אויפן טאַטן!

די שוימען רוישן אַרום דער שיף,
די ווינטן שמײַסן אין פנים,
און רואיק איז אין מיר דײַן טיף,
דער גײַסט פון דורות רבנים!

ח.

דער קאַפּיטאַן, אַ דיקלעכער נאָרוועג, אַ גוטער מענטש, אַ נאַש בראַט,
שטייט אויפן בריקל און קוקט דורך אַ לאָרנעטע, אַן אָביעקטיוו,
אין דער גרויקייט, דורכדרינגען איר טיף,
און קערט זיך אום מיטן פנים צום הארץ פון דער שיף —
עס ווילט זיך אים פאַרטרײַבן, אפשר עפּעס אַ געדאַנק,
טון אַ לאַך, אַ שטיף,
און ער הייבט אָן גלעטן מיט דער האַנדשו־האַנט
אַן אָנגעצויגענעם קאַנאַט,
נעמט אַרויס פון הויזנקעשענע אַן אַלט צעקנייטשט בלאַט
און וואַרפט עס אין גרויקייט — עס דרייט זיך ווי אַ שלאַנג,
און אונטער די שוואַרצע, קורצע וואָנסעלעך ברומט ער
אַ מעלאַנכאָליש געזאַנג,
הייבט אָן אַרויפציען די גלאַנציקע גומי־שטיוול,
שלעפּט אַרויס פון דאָרט אַ צעקנייטשט בריוול,
און שיקט בינו־לבינו אַ מאַטראָס פאַרריכטן אַ רעטונג־שיפל,
און טוט צו אים אַ מורמל: — נישקשה, נישטאָ קיין סכנה...

און מיר האָט זיך געדוכט, אַז יעדע רגע לעבן איז אַ געשענקטע מתנה.

## ט.

און מיט איינמאָל זײַנען פון אַלע פּנימער נעלם געוואָרן די זאָרגן.
וואָס־זשע איז געשען הײַנטיקן מאָרגן?
גאָרנישט!
דער אָצעאַן איז נישט פּליטקער אויף קיין האָר נישט.
דאָך דוכט זיך הײַנט קיינעם נישט — ער שטאַרבט...
עס זײַנען דיזעלבע פּאַליעס, אָבער אַנדערש געפאַרבט!

און בײַם טיש צו מאָרגנס האָט מען געגעסן, אָן עין הרע, מיט אַפּעטיט,
נישט נאָר געזעצטע אייער מיט שמעקעדיקן בייקן,
מען האָט זיך סתּם מיט יעדן בּיסן געגומען בּאַלעקן,
און צו צוויי טעפּלעך קאַווע געטרונקען
און אויפגעגנאַשט דעם גאַנצן קעקס,
עס האָבן כּמעט אַלע פאַרגעסן דעם לאַנגן, גרויען, נודנעם אונטערוועגס,

און זיך בּײַ די פענצטערלעך אין האָריזאָנט פאַרטון.

און אַפילו די שווערע רויכן פונם ריזיקן קוימען זײַנען מער נישט שוואַרץ.
זיי האָבן אויך באַקומען האַרץ.
און אַפילו די שוימען, וואָס פלעגן זיך וויגן
געלבּלעך און גרײַז־גרוי,
זיי האָבן זיך אויך צעשפּילט און צעמינעט אין קאָלירטן זייפנבלאָזן־טוי.

זיי קומען, דוכט זיך, נישט פון דער טיף,

נאָר פון דער ראָז־בּלויער הייך,
באַגילדעט פלאַפלען זיי אַזוי זאָרגלאָז־ווייך,
און זייער האַרץ איז זיך אויך מיט דער בּלאָנדער זון מתיחד,
און די ווײַטע פּאַליעס האָבן, ווי די ווילדע פערד, זיך
אין דער זון צעהירזשעט, צעכאַכעט...

וואָס-זשע איז היינט געשען?
מען האָט באַגינען צעעפנט די פאָרטקעס פון די קאַבינען און דערזען:
פון צפון-זייט איז אין האָריזאָנט אויפגעשטיגן
און פון פאַליעס בלוי-קאָלירטע זיך אַרויסגעקריגן
אַ רויטגליִענדיקע זון!
איך בין נאָך געווען די העלפט אין חלום-נעפּל פאַרטון.
אויף בלויע, באַגילדעטע פאַליעס איז צו מיין פענצטערל צוגעשוואומען,
ווי נחם טויב, פון ווייטנס, אומגעריכט געקומען,
גענוי צו דער קאַבינע פון מיין פענצטער,
אַ רויט-ראָז-געשפענסטער
און מיט אַ לאַנגער, גאָלד-געקושטער האַנט,
און מיט אויסגעשטרעקטע, שטראַלנדיקע פינגער מיר אָפּגעגעבן:
— שלום!

האָסט געהאַט, מיין פריינד, אַזאַ בייזן חלום,
קליינגלויביקער... אַביסעלע מער מוט
און פון היינט אָן וועט אַלץ שוין זיין גוט!

אַ פריינד, אַן אַלטער מאַטראָס, איז צוגעקומען
און מיר איינגערוימט אַ סוד;
שמייכלענדיק געזאָגט: — דאַנקען גאָט!
און נישט מער.
און מיר האָבן ביידע דערפילט אין האַלדז אַ טרער,
אַזאַ מין תפילה-טרער אין מיטן דרינען
און מיר האָבן געשוויגן — וועמען שרעקן סאַבמאַרינען?
און, אַז איך האָב זיך אין געדאַנקען פאַרטיפט,
איז אַ צווייטער מאַטראָס צוגעקומען און געזאָגט:
— מיט צוויי טויזנט יאָר סך הכל
האָבן דאָ די ערשטע קולטור-מענטשן דערזען דעמזעלבן ספּעקטאַקל,
עס האָט זיי פונקט אַזוי פון צפון-זייט געטאָגט.
די עקספּעדיציע פון פּרעה נכו האָט זיך דאָ פאַרבייגעשיפט.

# אַ מאָרגן

בלעקאַוט־קאָשמאַר געענדיקט.
פון וואַסער שטייגט די זון אַרויס גאָלדיק־בלאָנד,
און ראָז, רויט־גלאַנצענדיק און בלענדיק.
אַ קינדיש־שמייכלענדיקער האָריזאָנט.

עס ליגן זיך שטיל אין בלויקייט פליעסקענדיקע פאַליעס.
אויסגערינען די גרינע שוים־בהלה.
פון אָפּגרונט קומען טענצערינס, פאַנטאַסטישע קאָלירטע פאַרבן,
ווי צעשאָטענע בלומען־גאַרבן
און מיט לבנהדיקע הענט אויף טאַליעס.

עס יאָגן זיך נאָך זיי ריַיטער דראַסטיש,
אויף ראָזע מאַרמאָר־פערד פאַנטאַסטיש,
מיט בייַטשן לאַנגע ווי די וועלן,
ווי אין הענט פון פרומע מאַכמעדאַנער לאַנגע שנירלעך
קאָלירטע קרעלן.

און אָטעמען לויזע נעפּלען, זילבערדיקע, בגלופן
און צעהוליעטע, זיי רופן
די טענצערינס צו טרינקען וויַין פון ים,
הגם, דוכט זיך, פון מאַכמעדאַנישן שטאַם,
און וויַין איז פאַרבאָטן
נאָר דאָס בלוט האָט אויפגעזאָטן.

עס באַדעקט זיך מיט אַ ברייטן שמייכל דער אָצעאַן,
עס האָט זיך באַוויזן אַן אַמעריקאַנער עראָפּלאַן...

## און אָפֿט זײַנען מבֿלבל...

און אָפֿט זײַנען מבֿלבל אונדזערע אינטימסטע געדאַנקען
די עכאָס פֿון די ווײַטע טאַנקען.
און דער ווײַטער אָפּקלאַנג פֿון כּלי־זין
פֿאַרבלוטיקט אונדזער שטילסטן רעיון.
און דעם בין־השמשות פֿון אַראָפּגעגלאָזטע שטאַרן
צעטרעטן די שטאָלענע געררוישן פֿון מאָטאָרן.
און וואָס מיר זאָלן נישט האָבן אין שטילע רגעס באַוווּליקט,
האָט דער געשיכטלעכער טאַראַראַם פֿאַרטיליקט.
און עפּעס באַקומען גאָלדענע שליפֿעס אונדזערע פֿאַרלאַנגען.
און אַלע אונדזערע ייִנגטלעכע מורדים־געזאַנגען.
און ווי די מוטערס זײַנען מיר, וואָס דאָס האַרץ צערײַסט
אַ רמז אויף אַ וואונד.
מיר זײַנען ווי די קורצפֿאַליע־קולות פֿון עפּעס אַן אונטערגרונט,
וואָס דערציילט צו פֿרײַנט אין ראַדיאָ
די לעצטע סטאַדיע
פֿון נויט,
די לעצטע סטאַטיסטיק פֿון חברים אין טויט.
מיר האָבן אפשר צופֿיל מיט האָפֿענונגען געשפּײַזט
די פֿעלקער אָן ברויט.
און אונדזער פֿאָלק, דאָס געמאַטערטע אין די נעגל פֿון טויט,
צופֿיל אין הימל געהויבן —
און אַלע הימלען האָבן געפּלאַצט...
אַלע האָריזאָנטן אָבער טראָגן, ווי די מלחמה־טויבן,
אונטער פֿליגל,
דעם שווײַגנדיקן פּאַראַלע־זיגל
און זאָגן נאָך מיט ציטערדיקע ליפּן
און מיט געהויבענע, בעטנדיקע הענט,
און אפֿילו מיט אַ אין־זיך־כּליפּען,
די אינוואַזיע־תּפֿילה פֿון אונדזער פּרעזידענט...

# אין קאַפע אין ניו־יאָרק

מיר האָבן זיך באַגעגנט אין קאַפע אין ניו־יאָרק.
אין ליכטיקן געררויש פון בראָדוויי־אישן הו־הא.
איך האָב זי קוים דערקענט. פאַרלאָרן דעם שמייכל.
זי האָט מיך דורכגענומען מיט אַ בליק אַזאַ,
וואָס האָט אָנגעצונדן דעם נאָגענדיקן טרויער,
וואָס ציטערט אין מיר מיטן ניגון פון „איכה".

איך בין אַריין אין קאַפע. זיך געוואָלט פאַרגעסן.
אויף אומבאַקאַנטע פּנימער לאָזן בלאָנדזשיען מיין בליק.
ווייל מיר האָט שוין די איינזאַמקייט די ניו־יאָרקער דערעסן,
די אייביקע אוממעכטיקייט, זיין ווינציקער פון פליג!

געוואָלט דורך עפּעס אַ ניואַנס דעם מאָנפּאַרנאַס דערמאָנען,
און נאָך אַמאָל אָן אָטעם טון די היימישקייט פון „דאָם",
די עליטע פון „קופּאָל" אין פרעמדע הימלס זאָנען,
אַ שווימברעט פון דערינערונג אין דעם גרויזאַמען שטראָם...

אין טאַנץ־זאַל, מן הצד, ביים פענצטער, ביי אַ טישל,
האָב איך זיך איינזאַם צוגעזעצט, געקוקט דורך רויך צום טאַנצן.
אין וויסקי האָט אַ רויטער גלאַנץ געצאַפּלט ווי אַ פישל,
און געשפּיגלט אין געטראַנק דעם זאַל אינגאַנצן.

דיסהאַרמאָניש האָט גערומבאַט מיט געמאַכטע התלהבות,
אין אינערלעכן גליייכגילט, אַ מנין, אַן אָרקעסטער.
אין די טאַנץ־טריט, אין די בליקן, צינדט ער נישט קיין תאוות,
און יעדער אינסטרומענט באַזונדער חוזקט מיט אַ לעסטער...

עס האָבן סמיג און סטרונע גרילצנדיק געפידלט,
געבייזערט האָבן זיך די פויקן און די טאַצן.
עס האָט אַ פלייטל פּײַפּענדיק מיט העזה זיך געזידלט,
דער קופּערנער טראָמפּייט, ער כאַ־כעט ווי צום פּלאַצן!

עס ווידמען זיך פאַרבײַ די טאַנצנדיקע פּאָרלעך.
באַרירן קוים מײַן אויג, באַרירן נישט מײַן אויער.
מען טרעט זיך אָפּ די טריט, מען בעט זיך איבער, וואָרלעך,
מיט געקינצלט־קרומען שמייכל, מיט מטושטעשן טרויער...

אויף אַ ווײַסן פּרויען־קאָפּ איז מײַן בליק געפאַלן,
אויף לענגלעך רויט־געפאַרבטן פּנים ס'אויג געבליבן הענגען.
מיך באַגריסן בלויע אויגן מיט האַלב־טויטע שטראַלן,
ווי ס'וואָלט הארבסט אָן אַלטן אבל אַ נײַעם טרויער ברענגען...

עס פאַרדעקט נישט דיקער פּאָדער טריקנקייט פון פּנים,
און נישט דער רוזש, דער גלאַנציקער, דאָס ברוין־און־בלוי פון ליפּן.
געלאָזט אין מיטן טאַנץ דעם טענצער, צוגעשוואומען אָן אים
צו מײַן טישל, ווי אַ פידל, מיט סטרונעדיקן כליפּען.

ס'ווייעט נאָך פאַריזער ווינט אין קליידל, דעם געפּרעסטן,
און אין פלאַטער פון רויטער בלוזקע — דער קאָלירטער באַטיק.
אָ, זיי געגריסט, דו שמעטערלינג, פון מאָנפּאַרנאַסער נעסטן!
וואָס איז דײַן קאָפּ, דײַן בלאָנדער קאָפּ, זקנה'דיק, אַלט־גראַטיק?...

מיר האָבן זיך די הענט געגעבן און נישט קיין וואָרט צו ריידן.
איך האָב קיין אויסדרוק נישט געפונען אין מײַן שטומען שטוינען.
מײַן האַרץ האָט זיך אַ קאָרטש געטון, מײַנע אינגעווייידן,
ווי מיר וואָלטן בלוטיקן אונטער דערנער־קרוינען.

— „און וואָס מאַכט ער", האָב איך געפרעגט, „וואו איז ער,
אונדזער מעטר?"

און אַ וואָרעמער שטראָם פון טרערן האָט פאַרגאָסן מײַן שטים,
ווי אַ האַרבסט־ווינט וואָלט אַ פּאַטש טון אַ פּנים מיט
פײַכטע בלעטער
און זיך אויף מיר אַ בייזער טון פאַרן פרעגן אויף „א י ם".

— „מען האָט אים מיר אַרויסגעריסן פון פאַרקלאַמערטע אָרעמס.
מען האָט אים מיר אַוועקגענומען מיטן פּענזל אין דער האַנט.
זיי האָבן מיך אַליין געלאָזן פאַרשעמט, צעטראָטן ווי אַ וואָרעם,
עס איז מײַן קאָפּ געוואָרן ווײַס, און חושך — מײַן פאַרשטאַנד.

און ווי זיי וואָלטן אויסגעלאָשן אין די בילדער די פאַרבן,
פון די פּאָרטרעטן אויסגעמעקט מײַן יוּנגנטלעך געשטאַלט,
און ווי אין אַלע לײַוונטן וואָלט דער אָטעם שטאַרבן,
און איך בין אין איין פערטל שעה געוואָרן אַלט...

פאַרשוואונדן איז דער כּישוף פון טאַנצנדיקע פּאָזן,
און אויסגעבלאָזן ס'פײַער פון שטראַליקער פיגור,
עס ליגט אַ טויטער האַרבסט אויף „נאַטור־מאָרטס" און „ראָזן",
וואָס פלעגן גליִען ווי די זון... טויט ווי מײַן פריזור...

דו זעסט נישט אַרום מיר, מײַן פרײַנד, די נעפּלדיקע גרוילן,
יאָ, ער האָט זיך געראַנגלט ווי אַ גאָט אַ בראַוווער!
און דער כאָרכל פון זײַן בלוט האָט מיר די וועלט פאַרהוילן,
דו זעסט דאָך — אונדזער זון איז פול מיט זשאַוווער!

עס האָט אַ זשאַוווער זיך צעלייגט אויף אַלע גאָלדענע ראַמען,
אַ פוילקייט האָט זיך אײַנגעגעסן אין גאָטס נאַטור,
און ווי אַ גיפט וואָלט אַלע פאַרבן אין די בילדער סמען,
און פון דעם אַלעם וועלקט אַראָפּ מײַן זקנה־פיגור...

איז מעגלעך, אַז מיר זײַנען אין אַזאַ וועלט געבאָרן?
איך בלאָנדזשע אין אַן עולם-התּוהו, ווי אַ חוש,
עס איז מיר די נשמה מײַנע אײַנגעפֿראָרן,
איך וואַרט דער טויט זאָל קומען מיט זײַן לעצטן קוש...

איך וועל פֿאַר אים פֿאַזירן. ער וועט מיך דאָרטן מאָלן —
מען זאָל נאָר דאָרטן אָפּגעבן פּענזל צוריק,
מען קען נאָך דאָרט די יוגנט ווידערהאָלן,
דאָך ווי שפּרײַזט מען אַריבער, פֿרײַנד, די לעצטע בריק?

מיר דוכט זיך אָפֿט אין בלויען פֿרײַ צו שוועבן,
און ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זײַן אַ קינדער-שפּאַס.
איך לאָז דעם גוף-מאָדעל דאָ ליגן, אויסער לעבן,
און איך פֿלאַטער ערגיץ אין אַ הימל-מאָנפּאַרנאַס!

צי וועט מען אים דעם פּענזל דאָרט אָפּגעבן,
און מיר צום טאַנצן גראַציע — און די בלאָנדע פּריזור?
איך וואָלט צום לעצטן מאָל אַ קוש געטון דאָס לעבן,
און אַראָפּגעטאַנצט פֿון דײַן בריק, נאַטור!

אָ, טראָגט מיך, וואַסערן, פֿון האָדסאָן צו דער סענע,
און טראָגט מיך וואָלקן ניו-יאָרקער צום הימל פֿון פּאַריז,
דערהייב מיך, גרויסער מעטר, אין דײַנע וועלטן יענע,
צו קענען ווידער נאָכקומען דײַן קאַפּריז...

צו קענען ווידער אויסהאַלטן דײַן מײַסטערבליק, דעם שאַרפֿן,
און אויפֿשווימען אויף לײַוונטן טאַנצנדיקער רעגנבויגן, ,
דעם בונטפֿאַרביקן שאָל איבער אַקסלען, ווי פֿליגל, פֿאַרוואָרפֿן,
און צערינען אינם ליכט פֿון מעטערס בלויע אויגן...

אַ נפקא מינה ווי אַזוי איך בין אַהער געקומען?
אַז „אים” האָט מען כּמעט אַ טויטן אָפּגעשיקט קיין פּוילן.
— איך בּלאָנדזשיע אָפּ חדשים לאַנג — פּאַרוועלקטע ליפּן שטומען,
און ווער קען ברענגען פאַר די ליפּן יענע גרוילן...

ער איז געפאַלן נאַזנאַק מיטן פּענזל אין דער האַנט,
און זיי האָבן דאָס איידל האַרץ געטרעטן,
און איך האָב ווי פאַרלאָרן מײַן פאַרשטאַנד,
און זיך געוואָרפן פאַר די בּאָשן אויף די קני צו בעטן...

איך האָב געשילדערט סאַראַ גרויסע זינד
עס איז צו שענדן אַזאַ מעטר, אַזאַ גאון,
נאָר זיי האָבן אים געטרעטן בּלינד,
ווי ווילדע חיות אין אַ ווילדן שגעון...

און איך בין פּלוצלינג געוואָרן ווי אַ רויב־טיר ווילד,
זיך געוואָרפן אויפן בּאָש מיט מײַן גאַנצן כּוח,
און מײַנע ציין און נעגל אויף איינעם אָנגעצילט,
און אַ האַסטיקן זעץ געטון אָן וואַנט זײַן מוח...

און ווי ווילדע פונקען וואָלטן זיך צעשפּריצט,
איך האָב דערפילט אויף מײַנע הענט אַ שטראָם פון מאַרך,
עס האָט אָן עקל אין מײַן לײַב זיך אײַנגעקריצט,
איך האָב גענומען שטיקן דעם בּאָש, דעם פּאַרך!

עס גייט נאָך איצט אָן עקל דורך מײַן לײַב,
איך וואָלט נאָך איצט אָרומגעשניטן מײַנע פינגער,
מײַן פרײַנד! יענעם ריח פון אַרום מיר פאַרטרײַב,
יענע רגעס...”

און מיר האָבן ביידע פֿאַררויכערט ציגאַרעטן,
און זי האָט זיך אַ שטעל געטון: — „הם, ווי זאָגט איר, דע גאָל?
אַ נוירם זײַן... זעלנער־וואונדן גלעטן"...

און אין בראָדווייאישן רעש צערינען, ווי אַ ווידערקול...

## צום באָש...

און אַז דו וועסט נאָך אַ מאָל קומען פֿון גליק און פֿון חברשאַפֿט רעדן,
און אַז דו וועסט נאָך אַ מאָל קומען באַזיגט און געבויגן דעם קאָפּ,
מיט עפּעס אַ תּורה אַ נײַער, למשל: — „מאַרקסיזם און ווערן",
אין גלאַנציקן שטאָלהעלם באַהאַלטן דעם „אַרישן" צאָפּ...
מיט הענט, וואָס באַגריסן: — הײַל היטלער! — זיך שלאָגן על חטא,
און טענהן:—„דער ווינט האָט דײַן ווייטיק, די הייליקע אַשן צעווייט!"
און אונטער די נעגל דײַנע שפּראָצן פֿאַרגליווערט שפּורן פֿון בלוט,
און אין די וואָנסעלעך קורצע אַ חוצפּהדיק שמייכעלע רוט...
און אין פֿינצטערן גלאַנץ פֿון דײַן אויג, אין דײַן שוואַרץ־אַפּל,
מײַן ברודערס גסיסה־צאַפּל...

דו קומסט אין שבֿעה מיך טרייסטן, מנחם אָבל זײַן אין נאָמען
פֿון פֿינפֿטן „אינטערנאַציאָנאַל" —
מײַן איינציקער ענטפֿער פֿאַר דיר: — פֿאַרשווינד, פֿאַרזינק, פֿאַרפֿאַל!

## אַט פֿאַרבלייכן אַלע ראָזן...

אַט פֿאַרבלייכן אַלע ראָזן,
האַנט פֿון אַקסל אָפּגעלאָזן,
ס'שמייכלט נישט קיין ליפּ.
אויסגעלאָשן פֿרייד פֿון בליקן,
ווי מען וואָלט מיט טרער זיך שטיקן
אין מיטן פֿידלס כליפּ...

אַט די קליינע טראָפּן טרערן,
זיי דערטרינקען זון און שטערן,
פֿרייד און שאַל,
און זיי פֿליסן און זיי גיסן
גיפֿט און סם אין ווײַן אין זיסן,
אין מיטן באַל.

פּלוצלינג בלײַבן דיר פֿאַרשוויגן
די כּלי־זמר מיטן רומבאַ־ניגון,
דער טאַנץ אין זאַל —
און די טענצער, ווי געליימטע,
דאָס אויג — אַראָפּ, אין צער... פֿאַרשעמטע
אין מיטן באַל...

עס חלשט טאַנצנדיקע זעלע,
אויסגעלאָשן ס'ליכט דאָס העלע
אין הוליענדיקן שאַל.
אַט די קליינע טראָפּן טרערן,
זיי דערטרינקען זון און שטערן,
אין טרויער קוואַל.

## איך בין דיר מוחל, דור...

איך בין דיר מוחל, דור, דעם קופּערנעם פּאַנצער פון כּפּירה,
דײַן דיאַלעקטישן שטאָלהעלם צו שיצן מײַן קאָפּ,
פאַר מיר איז אַ פּאַנצער איין רגע אויפריכטיקע שירה,
איין פּרשה, איין הפטרה מיטן ריכטיקן טראָפּ!

די ווערטער, וואָס פּאַליען זיך שטיל, ווי דער זעפיר אויף הרי יהודה,
ווי די שפּילעוודיקע שטילקייטן אין בלוי־קאָלירטע וואַסערן,
וואָס מען רופט „דער טויטער ים".
און יעדעס וואָרט, אין וועלכן עס איז דער עכאָ פון אַ רו דאָ —
די זיסע באַהעפטונג מיט אים...
דער צלם אלוקים —
מײַן גראַם!

איך גיב דיר אָפּ, מײַן דור, דײַן לבוש, די רובאַשקע און דעם סמאָקינג,
און לאָז מיך, ווי ווינטן, נאַקעט!
און לאָז מיך זײַן דער ציל פון יעדער רכילות־פײַל,
און שלײַדער אין מיר דײַן נײַעסטן „פײַער־ראַקעט"
און לאָז איבער מײַן קערפּער לויפן דײַנע שווערע טאַנקן אין געאײַל.

און לאָז אַרום מיר קרײַזן די באָמבער מיט ווילדע סווישציען,
גיב איבער אין די נאָדל־פינגער פון די ווילדע שפּינען
מײַן מאַרך,
און די אויטאָמאַטן־עכאָס לאָז מיט גיריקע שטאָלענע ליפּן
אויסזיפּן מײַן זינען,
און צווישן פעלקער גיין ווי מצורע, אַ „זשיד פּאַרך",
און די ווילדעסטע „בערטעס" לאָז אַרום מײַן געטאָ הילכן מיט געהוק,
און מײַן גאַנץ פאַרמעגן אויפרײַסן, שמעטערן, זנישציען,
נאָר לאָז מיר אין האַרצן מײַן בעטענדיק וואָרט, מײַן פרומען קוק!

און שיק מיך צוריק צו ישׂראלס קינדער, קיין פּוילן!
און לאָז דער הונגער און דורשט און די טיפוסן אויפצערן מײַן לײַב,
אָ, לאָז מיך צוזאַמען מיט מײַנע ברידער און שוועסטער
טרינקען, אין די גאַז־וואַגאָנעס, גיפטיקסטע גרוילן,
און אין רויטן ציגל־מעל די בײַנדעלעך צערײַב...

פאַרברען, צוזאַמען מיט די פרײַנט, מײַן גוף, צעשטרײַ אין ווינטן
דעם אַש,
און לאָז קיינעם נישט טרויערן!
און לאָז זיך שטיקן אין די קעלערס פון פאַרשאָטענע מויערן,
פון געגשע נומער זעכצן,
און די תּהילים־טרער אויסמישן מיטן חורבן־רעש,
און מיטן ליאַרעם פון די פרײַנט, מיט זייערע לעצטע קרעכצן!

איך פאַרלאַנג נישט קיין אַנדער שכר, נישט קיין האָפענונג
אויף תּחית המתים,
איך האָב נישט נייטיק נאָך אַמאָל צו שטרעקן אַ קינדיש־הענטל
צו דער לבנה מיט אַ שמייכל,
מוחל אַפילו אַ הייליקע מצבה, אַ קבר אויפן הר הזיתים,
צי אין אַן אַנדערן נפטרים היכל...

פאַר מיר געניגט די לעצטע פרײַנטשאַפט פון די גרויע אַשן אין פּוילן,
מיר געניגט דער לעצטער עכאָ פון זייערס אַ לעצטן געדאַנק,
מיר געניגט די הייליקע שירה פון די געלײַטערטע אין גרוילן,
און איך זאָג דיר, דור, פאַר אַלע אַנדערע גליקן: — אַ דאַנק!

## צו היינריך היינע

מיר נעמען דיך אַרײַן, אַלטער פּליט, אין אונדזער פּאַנטעאָן,
אין אונדזער נאַציאָנאַלער מערת המכפּלה.
מיר נעמען דײַנע אָרעמע גלות־ביינער אין שוץ, אונטער אונדזער פֿאָן,
מיר זײַנען דיר מוחל די אַלטע חטאים... נו, מילא,
געווען אַ זינדיקער דור — דאָך ישראלס אַ קינד!
און ישראל איז אין פֿײַער געלײַטערט פֿון זינד.

עס האָט נאָך ביאַליק געייִדישט אַ טייל פֿון דײַן ליד
און צוזאַמען מיט דיר געזוכט אין דער מדבר יהודה הלוים טריט,
און אַנדערע האָבן נישט איינמאָל דיך אין אונדזערע שפּראַכן
געהייליקט
און דער רשע, דער דײַטש, האָט דײַנע ספרים פֿאַרברענט,
און מיט אונדז דיך פֿאַרשפּאַרט אין געטאָ־ווענט.

דו האָסט פֿון קינדווײַז אָן אין אונדזער צער זיך באַטייליקט
און דאָס חיהשע טיפּשות פֿאַרשפּאָט און פֿאַרלאַכט —
ס'האָט היטלער נאָך אונטער דײַן פֿעדער געקראַכט;
עס האָט אים דײַן שפּאָט אין די ביינער געברענט,
עס האָט אים דײַן חוזק די לעבער געשטאָכן,
ער האָט דײַן מצבה פֿון מאָנמארטר צעבראָכן,
און אין פֿראַנקפֿורט — דײַן מאָנומענט...

דאָך זידט דײַן צאָרנדיק וואָרט, ווי אויפֿרײַס־שטאָף,
און זאָגט אים אָן זײַן סוף!

## און ווײלט מיך נישט...

און ווײלט מיך נישט פֿאַר פּרעזידענט פֿון אײַערע שטאַטן,
מײַן וועג איז נישט מער דער וועג צו מאַכט.
איך האָב אין איין לבֿנהדיקער נאַכט
פֿאַרלאָרן אַ ד ר ײ ־ מ י ל י אָ נ י ק ן טאַטן,
און נישט צו קבֿר ישׂראל געבראַכט.

מען האָט אים מיט אינטערנאַציאָנאַלע הענט
אין קאַלך־אויוון געבֿרענט,
מיט אים איז נישט געשען, ווי מיט אבֿרהמען, קיין נס,
אָבער צוזאַמען מיט אים האָט געפֿלאַקערט אַן אָפּגאָט: פּראָגרעס!

זײַן לעצטער אָטעם האָט אין יענער נאַכט
די שטערן פֿון אַלע נעכט פֿאַרנעבלט.
מען האָט מיר וועגן אומגליק געקעבלט
און איר האָט פֿון מיר באַהאַלטן די טעלעגראַם;
דעריבער לאָדערט אַרום אײַך אַ פֿלאַם:
אין די שטיינער פֿון אײַער פֿונדאַמענט.
אין די ציגל פֿון אייערע ווענט.
און, אײַנגעזאַמעלט, ווי אַ געהיימער לאַגער פֿון פּראָך און שרויט,
יאָ, אונטער דער הויט
פֿון יעדן, לעבן־געבליבענעם, בשׂר ודם...
איך האָב נישט נייטיק צו שיקן צו אײַך מלאכים, ווי קיין סדום,
נישט צו גיסן אויף אײַך פֿון מײַנע הימלען פֿעך און שוועבל;
מײַן שליחות טוט אײַערער אַ שיפּרירטער קעבל —

איין קורצע ראַדיאָ־גראַם,
און אונטער יעדער געשליפֿענער צונג
צעפֿלאַקערט מײַן פֿלאַם.

## אַוועקגעפּלאַטערט...

איינער האָט אין שלאַכט־פעלד די אויגן געפּטרט,
אַ צווייטער — אַ פוס, צי אַ האַנט.
אַ דריטן — די נשמה אַוועקגעפלאַטערט,
ווי שוואַלבן אין בלויען — צום חרובן לאַנד.

און ווי אַ בר־מינן,
רחמנא לצלן!
ע ר וואַנדלט אַרום,
בטל און שטום,
אַרום די הונדערט שטאָלענע שטאָק
פון „בילדינג־עמפּײַר".
און קברים רופן אים פון יעדן ראָג,
און אין אַלע גלאַנצענדיקע שויבן — פײַער...

און אין אַ שטום־לשון רעדט ער
צו בונטפאַרביקע סקעלעטן, צו פיפט־עוועניו־המון,
און מיט די טויטע ליפּן קושט ער, גלעט ער,
זייערע וואונדן, זייער דערנער־קרוין!

## אויפגעהאנגען...

אויפגעהאַנגען פאַרגאַנגענהייט אויף פאַרבלוטיקטע מינוטן,
און די צוקונפט צוגעקנעפּלט צום פליגל פון עראָפּלאַן.
וועג פון מרכבה אויסגעפלאַסטערט מיט פאַרגליווערטע בלוטן,
ווי אַ צינדהעלצל, אַן אויסגעפלאַמט, פאַרלאָזט צעשמעטערטע באַן...

## סופער־פעסטונג

### I

נעמט אויף מײַן בענטשנדיקן בליק, פּילאָטן אין בלויע זעפירן,
איך מיש צונויף מײַן תּפילה מיטן רויש פון אײַערע מאָטאָרן.
און ווי עס זאָלן נישט הייסן אַמעריקעס הימל־שיפן,
נעמט אויף מײַן בענטשנדיקן בליק און טראָגט צום שונא — צאָרן!

כ'שטרעק אויס צו אײַך מײַן האַנט נאָך הילף, און מײַן האַרץ מיט:
— „פלי געזונט!"
און יעדעס שרײַפל פון אײַערע מאָטאָרן קושט מײַן ציטערדיקע ליפּ,
און וואוהין איר פליט? — איך מיין, איך טראַכט, און נישט אָן גרונט:
פאַרוואַנדלען „יוראָפּ־פעסטונג" אין אַ ברענענדיקער זיפּ...

מײַן זעל באַגלײַט אײַער פלי, צעפלאַטערטע פּאַראַשוטן!
ווי גערן וואָלט מײַן טריט מיט אײַך צעטראָטן דעם שונאס ערד!
איך בין דער גואל הדם — איך מאָן די אומשולדיקע בלוטן —
דאָס אומשולדיק בלוט פון מײַן פאָלק און מײַן לאַנד — צעשטערט...

איך בין אַ גואל הדם — מײַן בלוט זידט אין אײַערע באָמבן!
עס איז מײַן יעדער נערוו — דעם שונאס אַ תּליה־שטריק!
איך בין אַ גואל הדם — אָן פליגל, אין קאַטאַקאָמבן...
צו אײַך, פּילאָטן טײַערע, געווענדט איז מײַן בליק...

### II

זע, פּילאָט, אַ וואַלד פון הויכע קוימענס אויפן ברעג פון רײַן,
די סאַפּענדיקע סאַזשע אין אָטעם פון אינטערנאַציאָנאַלע באַנקן —
לאַקאַרנאָס פאַררויכערטע, קעלאָגס פאַקטן פאַרשפּיגענע געמײַן,

אַט־דאָס הייסט דײַטשער פּלײַס: אַנגלאָ־סאַקסיש גאָלד
און דע־גאָלס געדאַנקען.

עס האָבן פון שלום געחלומט די פעלקער פון אייראָפּע.
געגעבן דײַטשלאַנד באַקשישן ווי אַן אַזיאַטישן שאַח,
געוואָרפן אַן אַנדער וואָלף אין פּיסק אַרײַן איטיאָפּיע,
מיט אויסגעהונגערטע חיות גערעדט אַ לעמל־שפּראַך.

ס'האָט פראַנקרײַך געלאָזן שפּאַניעס העלדן אין בלוט פאַרגיין,
פאַרראָטן דעם „לא תעמוד על דם רעיך",
אַט, זע, פּילאַט, אויפן אײַפל־טורעם אַ סוואַסטיקאַ ווייען,
דאָס איידעלע פראַנקרײַך, נעבעך, פאַרוואַנדלט אין אַ דײַטשישער קעבין.

אָ, גיב זיי, פראַנקרײַך, קאָנטריבוציע — אַ גרויסן נאַפּאָלעאָנען,
און זשאַן ד'אַרק זאָל דײַטשלאַנדס אויוון הייצן!
ווײַל פון מאָסקווע לויפן זיי מײַסטעריש... זיי קאָנען.
דאָך די ברודיקע שפּריי קען די סענע נישט פאַרפּלייצן.

און גאַנץ אייראָפּע צאָלט פאַר פאַרשמועסטע, שטילע סעקונדן,
פאַר זיס־פאַרחלומטע פלירטן אויפן לאַק־לעמאַן.
און גאַנץ אייראָפּע ליגט צעפלינדערט און צעשונדן.
און אונטער איין שוואַרצן פּה נקבר: בריאַן־שטרעזעמאַן.

III

אָ, שוועבט, אַמעריקעס אָדלער, מיט אײַער סופּער־פעסטונג!
צעווייט אויף דײַטשלאַנד דעם שאָל פון ערד־און־פלאַם־פאָנטאַנען,
און ענטפערט מיט שוועבל און פעך אויף היטלערס „וועלט־פאַרמעסטונג",
און לערנט אויף אייביק בלק מיט די באַש־טיראַנען!

פון פּאַ־דע־קאַלע ביז מינכן און קעלן און בערלין,
און נירענבערג, און קעניגסבערג און האַמבורג און פּויזן,
פאַרוויקל אין פּײַער־נעצן, אין שפּינוועבסן רויט פאַרשפּין,
מאַך גליִען זייערע פּרכים, ווי ריזיקע פּײַער־רויזן...

זע, די מאָנאָטאָנע שטעט, וואו דאַך און ציגל און שויב הייסט: הויז.
זע, אָנגעהויפּטע, נשמהלאָזע הײַזער, וואָס בלויז רציחה מיט גלאַנץ דערפרייט,
וואו זעלטן בליצט פון צווישן מיליאָנען דעכער אַ „קעלנער דאָם" אַרויס
און דאָס: על־פּי פּראָנצוויזישן מאָדעל צונויפגעקלעפּט...

זע, פּילאָט, די מיליאָנען מענער און פרויען, זויפער און פרעסער פון פרעמדן גײַסט,
וואָס צירן זיך מיט קונסט פון פרעמדע מײַסטער־הענט,
און פרעמד־פאַרהאַרעוועטן גוטס,
און דורות נאָך דורות בלויז מעלה־גרהדיק געשפּײַזט,
ס׳איז פרעמדע, געפּליקטע בלומען זייער אינטימסטער פּוץ.

קוק, פּילאָט, אין האַרץ פון אייראָפּע — דאָס האַרצלאָזע פאָלק,
וואָס מאַרשירט מיט באַנעגלטע זוילן איבער קינדער קליינע,
ווי אויף מוראַשקעס... וואו נשמה הייסט: קאַזאַרמע און פּאָלק,
און באַרימט ווערן בלויז אויטאָמאַטן בלוטיק־געמיינע...

דאָס ציגאַרן־און־ביר־ברויער פאָלק פון גרויסן הינטן,
וואָס לערנט דער מענטשהייט אין דײַטשע פאַרקנעטן דעם בליץ,
צו זויפן גאַנצע פעסלעך ביר מיט מײַלער אונטער די שפּינטן,
און אַ פּנים איז קיין פּנים נישט אָן אַ צייכן פון געשלעג,
אָן אַ שראַם און ריץ...

וואו קאַנט שרײַבט שטאַמלענדיק פאָליאַנטן וועגן „יומס אַ וויץ,

די גאַנצע חכמה פון תּלמיד־חכם באַשטייט אין אומקלאָרן געדאַנק!
און דאָרט, וואו אונדזער משהן געניגט אין די לוחות אַ קריץ,
מוז דער דייַטשער מיכל פאַרשרייַבּן אַ גאַנצן ביכער־שאַנק!
וואו העגל בּויט אַ גאַנצן טורעם אויף שלמה המלכם איין שפּאַס,
און שאָפּענהויער איז מקבר אין זעקס־בּענדיקן קבר בּודאַס אַ שמייכל,
און געטע בּלאָנדזשעט אַכציק יאָר צום גריכישן פּאַרנאַס
און פאַרבּלאָנדזשעט צו אַ גרעטכען און צו מעפיסטאָ־שכל...
וואו ניטשע נאָכאַמענדיק מאָנטען און לאַ־ראָשפוקאָ, איז אַ גאון,
און ער בּלענדט די עליטע מיט זאַראַטוסטראַס וואַנזיניקן קוואַטש!
ווייַל אַלץ, וואָס דייַטשלאַנד שאַפט איז זיצפלייש און שגעון,
און זייער וויסנשאַפט — איין שווייסיק סאָפּען פון אַ קלאָצנזועגער,
אַ טראַטש!

נישטאָ בּייַ זיי, פּילאַט, צו שווינען וואָס! ווער שווינט פאַרטריקנט גראָז?
אויף זייער חורבּן וועט קיין מענטשלעך הארץ נישט וויינען —
אָ, מענטש, צי בּיסטו נאָר אַ צווייפיסלער מיט אַ נאָז?
פאָר אַ מענטש מוז דאָך דאָס מענטשלעכע עפּעס מיינען...

פּילאָט! אַמעריקעס העלד! דאָס מענטשלעכע מוז האָבּן
העכערן בּאַטייַט,
ווי יעדע בּלום מוז האָבּן וועלכע נישט איז פאַרבּן,
דאָס פאַרבּלאָזע געבּונדן מיטן נאָפּל צום שימער צייַט,
דאָס מעג אין אַלע צייַטן אומקומען און שטאַרבּן!

און לאָזן זייערע זקנים, פּרויען, קינדער, ווי ווערים אייַנגראָבּן
די קעפּ אין צעמאָלענע ציגל־זאַמדן און אונטער חורבּן־אַשן,
און לאָזן זיי וויינען און קלאָגן און יאָמערן און קראַען ווי די ראָבּן,
געדענקען סטאַלינגראַד, געטאָגראַד — און מיט זייער יאָמער
אונדזערע וואונדן וואַשן...

## IV

עס קוקן אויף אײַך, אַמעריקעס פּילאָטן, פּיראַמידן שאַרבנס
מיט אויגן לעבעדיק־פאַרשאָטענע פון קברים!
עס שטרעקן זיך צו אײַך די הענט פון מיליאָנען צעבּרענטע,
צעפּרעגלטע סקעלעטן
און מאָנען דעם טאָג פון נקמה —

עס קוקן צו אײַך פאַרמאָרעטע פעלקער פון אײראָפּע
און פאַר אַ בּליק צו אײַך שטעלן זיי דאָס לעבּן אין קאָן!
פאַרהילכט דאָס נאַצי־לאַנד מיט אויפרײַסן, אין שטויבּ און גרוז
פאַרקאָפּע,
צעפּלאַטער איבּער דער בּלעקאַוטן־וועלט די אויסגעשטערנטע
דערלייזער־פאָן!

## און קעגן יעדן...

און קעגן יעדן גלית, געפּאַנצערט אין שטאָל און אײַזן
וועט זיך בּײַ דיר אַ דוד באַווײַזן,
און אין יעדער זעלנער־ריי, דער פּשוטער, גרויער,
וועט דערשיינען אַ א ײַ ז ע נ ה ו י ע ר!

# אויף די קבֿרים פֿון די המנס

(פֿון די מדבר־בילדער)

אויף די קבֿרים פֿון די המנס
וואַקסן נישט קיין גראָזן.
אויף די קבֿרים פֿון די המנס
ווירבל־ווינט, ירגזון...

שטויבן־נעפּלען. ליימען גרויע.
זאַמדן קײַט דער הימל.
צאָרן־סווישטש פֿון תּהו ובהו,
„אַליאַרם" צום רימל.

הונגער־אויגן פֿון שאַקאַלן
פֿינקלען — ווילדע שטערן.
שדים פּראַווען מאַסקן־באַלן,
רוחות וועלטן קערן.

הפֿקר האַווקען זייערע לאַגערס,
קלאָען־טאַנץ אין טאָלן.
ווי די עכאָס פֿון די גראַגערס
וואָלטן בײַנער מאָלן.

און קיין זכר נישט פֿון בײַנער,
לאַנג פֿאַרפֿוילט, מחשבֿות.
קיין נר תּמיד... ס'קומט נישט קיינער
דאָ אויף קבֿר אָבֿות...

אויף די קבֿרים פֿון די המנס
וואַקסן נישט קיין גראָזן.
אויף די קבֿרים פֿון די המנס
ווירבל־ווינט, ירגזון...

# יזכור

(דעם דיכטער לייוויק
צו זיין „נס אין געטאָ")

א.

איך בין נישט מער פּאָעט, איך בין נישט מער עסטעט.
איך זינג צוזאַמען מיטן ווינט: — „על חטא"!
און מיט פאַרוועלקטע ביימער יאָמער איך בקול רם:
„בושנו מכּל עם!"

אין מײַנע אויערן קלאָגן נאָך די פּאַליעס פון ים,
פאַר מײַנע אויגן צאַפּלט נאָך אין רויך דער פלאַם
פון אונדזערע ישובים, שטעטלעך, און שטעט...
און מײַנע ליפּן קאָרטשען זיך דרײַ מאָל אַ טאָג
אין שפוך-חמתך-געבעט.

איך שעלט?

ניין! יעדע רגע וואויג איך די וועלט
אויף דײַן, אל נקמות, וואָג!

ב.

אָ, מלאַך! דאָס ליד מײַנס, אין אַ שרפהדיק װאָרשע צעגלי: עס,
אין אַ מורדימדיק װאָרשע צעבּרי: עס,

זינג

דעם צאָרן
פון לעבּעדיק פאַרשאָטענע,
פון לעבּעדיק צעטראָטענע,
פון לעבּעדיק פאַרבּרענטע,
פון קובּליעס בּיינער צעסמאַליעטע,
אומדערקענטע...
און טראָג זיי צו העל-בּאַלויכטענע, װײַס-געגרייטע טישן
פון בּלשאצר-בּאַנקעטן —
און לאָז זיך שרים מיט דעם טערפקן ריח זעטן.

זינג דעם לעצטן װילן
פון אומשולדיק צעשאָסענע, צעשינדענע,
אין לעצטן פּײַן-װעג געפאַנגענע,
װי שאָף געבּינדענע.
אין מאָרגן-גרוי, מיט לעצטע אָטעמס פון געהאַנגענע,
דעם יאָמער פון דער תּליה.

זינג דעם צאָרן פון געיאָגטע, געפּלאָגטע און ענדלעך —
(שענדלעך!)
אין װײַסל דערטרונקענע.
די װאָגל-שיפן, מיט אויגן צום נאָנטן בּרעג,
אין ימען שוימנדיקע און אָן אַ װעג,
װי עלענדע שטיינער, פאַרזונקענע.
רײַס אין זײַן הוד-והדר-מאַנטל קריעה!

זינג די עלענדע מיט געל־צעהיצטע הויטן פון טיפוס־פיבער,
וואָס זוכן אין חורבות, אין ראָוון, אין קעלערס, אין גריבער
אַ שוץ...
וואָס זייער איינציק האָב־און־גוטס
איז די קראַנקע גליִענדיקע הויט,
וואָס בעטלט מיט צעפּאַלענע ליפּן: — ברויט! ברויט! ברויט!

די פּאַרוואונדעטע, אָן וואַסער די וואונדן אַרומצוואַשן,
מיט בלוט־און־מאַרך פאַרקלייסטערטע, גאָלדענע פרויען־קעפּ.
פּאַראַליזירטע, וואָס שפּרינגען איבער ברענענדיקע טרעפּ
און פאַלן אין גלאָוויניעס פאַרמומיעט אין אַשן.

זינג דאָס ליד פון זקנים מיט זילבער־בערד און גליִענדיקע אויגן,
און מיט שטיינער, ווי בריליאַנטן, אין צאַרענדיקע הענט.

זינג דעם ווײַס־בלויען בריליאַנט
פון אַ ייִדישער פרויען־האַנט
צעפינקעלט געפלויגן
אַנטקעגן אַ שונאס אַ טאַנק —
זינג דעם לעצטן גליִ פון איר געדאַנק.

זינג די נשמה יתירה אין פײַער.
פאַרשמעלץ, אַלץ וואָס טײַער, אין דעם ליד,
און מיטן בלוט פון זכריה זיִד און זיִד...

זינג מיט זקנות דעם „גאָט פון אברהם" אויף ברענענדיקע ליפּן,
די מיליאָנען פאַרלאָשענע שבת־ליכט, די הבדלות, וואָס צאַנקנדיק כליפּן
און די וואָס צאַנקען, ווי הבדלות, אין גאַז־קאַזאַמאַטן,
און די, וואָס בעטן אויף זיך דעם טויט, געמאַטערט אונטער קראַטן.

אָ, צינד מיט דעם ליד אונדזער נר תּמיד אָן
בײַ אַ שווײַגנדיק אַראָפּגעלאָזטער פאָן
אַריבער דעם ברודער־קבר פון אונדזער עליטע —

זינג פּ ה ־ נ ק ב ר ם, זינג בלומען, צעגליטע,
אין אַשן, פאַרביק ווידער אויפגעבליטע,
די וואונדער, וואָס הייסן: ציערניאַקאָוו, קלעפּפּיש,
זאַגאַן און זיגעלבוים —
דערהייב זיי אויף דײַן פליגל, טרוים!

דערהייב די מאַמע־אָרעמס צום הימל מיט קינדער אין פלאַם,
און זינג זייער צאָרענדיק וויג־ליד אין די תּפילות פון מײַן שטאַם.

די משהלעך, די שלמהלעך — אין די געטאָ־תּהומען,
די רבקהלעך, די רחלעך — וואָס בלאָנקען זיך אין נויט.
זיי מציל די יתומימלעך פון כּל המיני סדומען,
די פאַרוואָגלטע עופהלעך אונטער די פליגל פון טויט...

געפין פּרצן ערגיץ אויפן גזשיבאָוו, אין קברים־שטיבל פון דער גמינע,
צי אין זאַקסישן גאָרטן, אין דער געדיכטער שאָטן־אליי, געהילט
אין אַ גרויער פּאַלערינע,
דערמאָן, ווי אַ פּאַראָלע, דאָס לעצטע ליד אים,
און זאָג: — עס ברענען דײַנע חסידים!

געפין ביאַליקן מיט זײַן מתמיד אין אַ ברענענדיקער קלויז,
און לאָז זיי לויפן מיט די ספר־תּורות פון געטאָ אַרויס
און שטעל זיי נישט אָפּ, און פרעג נישט וואוהין,
ווײַל פרעגן האָט נישט מער קיין זין.

און די, וואָס רופן צו ברענענדיקע סקעלעטן: — שווײַגן, רוע, רוע...

דו זינג מיט מיר, מלאך, איבער זייערע קעפּ אַ תּוכחה־שבועה,
צינד אָן מיט דײַן ליד איבער זייערע קעפּ דאָס שוואַרצע ליכט,
דאָס חרם־פײַער...

און גיב מײַן טראָפּן האַרץ צושטייער
צו אַלע די, וואָס האָבן אין די עלנטע טעג פון „ווידערשטאַנד"
אַרויפגעזעצט צוריק די פאַרשעמטע קרוין
אויף דעם געפּאַלענעם קאָפּ פון מײַן לאַנד.

און הייב אונדזער טרויער, ווי בלייכע הימלען אויף,
און איבער פאַרלאָשענע פליגל פון בלאַסע מאָרגנס, אַרויף,
דערהייב די נשמות פון אייביקן גלגולים־לויף —

„פאַר אונדזער פרײַהייט און פאַר אײַער" —
אַ וואָרשע אַ געלײַטערטס, אַ דערהייבנס, אַ ירושלים פון פײַער!

# צו די אַרכיטעקטן מיט די גאָלדענע פּראָיעקטן

מײַן האַרציקער העלען,
דער ערשטער לעזערין
פֿון מײַנע לידער —
אויפֿן חורבן פֿון וואַרשע,
איר געבורט-שטאָט

אײַלט זיך נישט מיט די פּראָיעקטן פֿון בויען,
איר האָט נאָך קיין נקמה נישט גענומען,
און קיין שום פֿונדאַמענט וועט נישט אײַנשטיין
אויף די זידנדיקע בלוטן פֿון מײַן פֿאָלק.

לאָזט אויסרוען די ביינער. לאָזט אָפּקילן די אַשן.
לאָזט צורו די זאַמדן אויף די הייליקע קברים.
באַרירט נישט מיט קיין רידעל. וועקט נישט מיט קיין קעלניע.
מײַן בית-עולם האָט נישט נייטיק אײַערע עקספּערימענטן,
און גענוג גרויס איז מײַן ערד פֿאַר נײַע פֿונדאַמענטן.

עס גליט נאָך דער צאָרן אין די צעבראָכענע ציגל. אין ליים און
אין שטיינער צעבערענטע.
עס בלאָנדזשען נאָך פֿאַראַבלט די שאָטנס פֿון צעגזלטע הימען
מיטן קינדישן — „מאַ"... און „מאַמע"... נישט פֿאַרענדיקט*)
און דערציילט מיר נישט: „נקמת דם ילד קטן עוד לא ברא השטן" —
אין טאָג, אין גערעכטן, מוז מען דעם שטן שעכטן!...

איר זענט נקמה שולדיק
און מען בויעט נישט קיין מקדש מיט שולדיקע הענט —
דאָס זאָג איך בקול רם,
דאָס וואָרן איך דעם גואל הדם!

---

*) די שורה — פֿון ביאַליק; ווי אויך די העברעאישע שורה.

ווער בעט פון אײַך פּראָיעקטן פאַר נײַע בתי־תּפילה?
דאָס ביטערע כאָרכלען פון מײַנע גוססים װעט פאַרטױבן די זיסקײט
פון אײַערע זילבערנע אָרגלען,
און די אָפענע מײַלער פון אײַערע טױזנט־קעפּיקע כאָרן
זײ װעלן נישט איבערשרײַען דעם יאָמער פון מײַנע מתים צו חצות.
און מיליאָנען פלעמלעך אין װאַקסענע ליכט װעלן נישט פאַרגעבן
די פײַערן פון די קאַלך־אױװנס פון טרעמבלינקא און מײַדאַנעק...

איך האָב געזען אַ סך גאָלדענע קופּאָלן אין אַזיע,
און בלינדע, װאָס קומען מיט לאַנגע, טאַפּנדיקע שטעקנס,
און מיט אױסגעשטרעקטע, בלײכע ליפּן
צו קושן די שטױבן אױף דעם גלאַנץ...

איר זאָלט אַפילו אַלע חרבות אױפבױען מיט גאָלדענע קופּאָלן,
און מיט מאַרמאָר קאָלאָנעס, װי די טעמפּלען פון אַלטן גריכנלאַנד,
װעט איר נישט אײַנשטילן די זידנדיקע בלוטן פון די לעבעדיק־
פאַרשאָטענע...

די „עמפּײַער־בילדינג” און די קונסט־װיטרינעס פון „פיפט־עװעניו”,
זײ האָבן נאָך קײן אבל נישט געטרײסט.

און בױעט מיר אַ װאַרשע פון „עמפּײַער־בילדינגס”,
און אין יעדן פענצטער אַ רעגנבױגנדיקע קונסט־װיטרינע,
זײ װעלן זיך װאַקלען װי שיכּורים,
זײ װעלן נישט אײַנשטײן
אױף די זידנדיקע בלוטן פון מײַן פאָלק...

צ י י ל ט מ י ר נ י ש ט מײַנע פֿאַרבליבענע צאן־קדשים,
נישט איר האָט זיי פֿון די װעלפֿישע ציין
מציל געװען,
נישט אײַך װעל איך מײַנע סודות ליפֿערן,
דעם ששים־רבוא אַנטציפֿערן...

עס בלאָנדזשיען נע־ונד נעכט מיט פֿאַרשעמטע תּפֿילות, װי מיט
קרוינען אויף פֿאַבלוטיקטע קעפּ,
און װעלכע גאָלדענע כּבֿוד־שטולן קענט איר פֿאַר זיי אין אײַלעניש
בויען?

איך זאָל אײַך דעם גורל פֿון מײַנע קדושים פֿאַרטרויען?
אויף װעלכע הייכן װעט איר אַרויפֿשטעלן די מזבחות,
אַז די גאַנצע ערד זאָל זען די געהייליקטע האַנט
פֿון גואל הדם!...

דאָס אײַזן פֿאַר דעם קינדזשאל איז נאָך נישט אויסגעגראָבן
פֿון דער ערד,
און װער װייסט װיפֿיל מאָל איר װעט נאָך די װעלט באַגליקן מיט
שכירות־שטרײַקן,
איידער אײַער האַמער װעט מײַן צאָרן אַרײַנשמידן אין חלף פֿון נקמה...

די פֿאַרברעכער אָטעמען נאָך די בלויע זעפֿירן פֿון מײַנע הימלען,
זיי טרינקען נאָך דאָס אומשולדיק ליכט פֿון מײַנע זונען,
זיי פֿאַרגיסן נאָך דאָס אומשולדיק בלוט פֿון מײַנע ברידער, שװעסטער,
און איר אַליין פֿירט נאָך װכּוחים, װאָס מיט די פֿאַרברעכער צו טאָן...

אײַלט זיך נישט מיט די פּראָיעקטן פֿון בויען,
איר האָט נאָך קיין נקמה נישט גענומען,
און קיין שום פֿונדאַמענט װעט נישט אײַנשטיין
אויף די זידנדיקע בלוטן פֿון מײַן פֿאָלק.

ניו־יאָרק, אַפּריל, 1945.

# פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט

א.

... טרויער ... און נצחון.
אַ זיגער-מאַרש אין טרויער.
ס'איז אונדזער האַרץ צעבראָכן
און שונא'ס פעסטונג-מויער ...

צעשמעטערט ליגט דער שונא —
דער פאַנצער און די שאַנצן ;
דאָך זעט מען נישט קיין פעלקער,
יובלענדיקע, טאַנצן.

אין טרויער אונדזערע פאָנען,
די אַכט-און-פערציק שטערן.
דער טאָג פון שונא'ס חורבן —
ער קען נישט שטילן די טרערן ...

ב.

עס אײַלן אונדזערע אַרמייען
אין בלוטיקן וועג אויף בערלין.
אין אײַלעניש קומט-אָן אַ פרילינג
מיט בליטן און קנאָספּן און גרין.

און בלוי זײַנען הימלען און לויטער,
נאָר קאַלט ... און קאַלט שײַנט די זון.
קאַלט ליגט ער אין אָרון, אַ טויטער,
אַ שווײַגער ... אין ערגיץ פאַרטון.

לוויה און אָרון און נפטר
פאַרלאָזן דאָס ווײַסע הויז :
יאָ, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט —
ער אײַלט די אַרמייען פאָראויס !

ניו-יאָרק.
15 אפריל 1945.

## איר וועט אויפשטיין...

איר וועט אויפשטיין פון די אַשן,
און פון שטויב צעשטרייט אין ווינט.
יעדעס שטויבעלע וועל איך וואַשן,
ווי אַ מאַמע וואַשט איר קינד.

און די בלוטן, ווי רובינען,
וואו איר האָט זיי נאָר צעטריפט.
יעדן טראָפּן וועל געפינען,
אָפּגעהיט, ווי הייליק שריפט.

און די אָטעמס אין די נעפּלען,
און די טרער, אין תהום פון ים,
און אין זעפיר די נשמה —
אויסגעטובלט, אָן אַ פּגם!

איר וועט אויפשטיין, איר וועט אויפשטיין,
חרוב איז... נישט מײַן גנאָד!
וואסער, פײַער, ווינט און גרוישטיין,
שטייען גרייט צו מײַן באַראָט!

איר וועט אויפשטיין, ווי מלאָכים,
אָפּגעשאַפט וועט זײַן דער טויט!
און די שרעק איז בטל נאָך אים...
קומט, ווי ליכט, אין זון פאַרטרויט.

איר וועט אויפשטיין פון די אַשן,
און פון שטויב צעשטרייט אין ווינט.
יעדעס שטויבעלע וועל איך וואַשן,
ווי אַ מאַמע וואַשט איר קינד.

# טײַטש־ווערטער און דערקלערונגען

**אַהאַספער** — דער „אייביקער ייִד“ פון דער קריסטלעכער לעגענדע. דער „אייביקער וואַנדערער“.

**אַלייען** — אין וואַרשע האָבן די שענסטע צוויי הויפּט־גאַסן געהייסן אַלייען: יערוזאַלימער אַליי און אויאַזדאָווער אַליי.

**אַנטהיהן** — דערמינטערן, אָפּראַטעווען.

**אַנקעטע** — אָנפראַגע, אויספאָרשונג. די פּאָליציי־קאָמענדאַנטור פון פּאַריז פלעגט שיקן אירן אַ באַאַמטן אויסצופאָרשן ווער דער פליכטלינג איז, צי ער אַרבעט נישט אָן אַן אַרבעטס־קאַרטע... דאָס פלעגט זײַן איינע פון די גרעסטע אומגליקן פאַרן פליכטלינג אין פּאַריז, ווײַל, אַז ער האָט שוין אַפילו באַקומען וואוינרעכט, האָט ער נישט געקענט פאַרדינען דורך כשרער אַרבעט צום לעבן. מ׳פלעגט אַרבעטן אומלעגאַל... און די שרעק בײַ דער אַרבעט שילדערט דאָס ליד. די פליכטלינגע פלעגן זיך באַמיִען צו פאַרגרעסערן די פאַמיליע מיט נײַגעבוירענע, ווײַל אַ קינד, געבוירן אין פּאַריז, פלעגט פאַרבעסערן די רעכטלעכע סיטואַציע פון די געפלאָגטע עלטערן.

**אָריִאָן** — זיבן־שטערן־גרופּע, וואָס שײַנט צום העלסטן בײַם עקוואַטאָר, די שענסטע שטערן קאָנסטעלאַציע. קוקט זיך כמעט תמיד איבער מיט דער צפונדיקער שטערן־גרופּע, וואָס מען רופט: **גרויסער בער**, אָדער **גרויסע בערין**.

**„באי“** — אַן אונטערשטער שיכט פון אינדישע באַדינער. איינער קומט אויסקערן די שטוב, אַ צווייטער — אָפּווישן די פענצטער פון שטויב, אַ דריטער — וואַשן דאָס געפעס, אַ פערטער — קאָכן, אַ פינפטער — דערלאַנגען צום טיש, אאַז״וו. קיין איינער טוט נישט דעם צווייטנס אַרבעט.

**באַקשיש** — שוחד, לא ירחץ געלט, אויסקויפגעלט, טרינק־געלט.

**באַראָ** — די באַנק פאַר אַדוואָקאַטן אין פּאַריזער גערעכטיקייטס־פּאַלאַץ.

**באָש, באָשן** — דײַטשן.

**בוכן, געבוכעט** — אויסברוך פון קאַנאָנען־קנאַל.

**בעלעוויל** — פּראָלעטאַרישער קוואַרטאַל אין פּאַריז, וואוינאָרט פון ייִדישן האָראָפּאַשניק און אומפאַרמעגלעכן פליכטלינג.

**בלי מה** — פון אויסדרוק: תולה ארץ על בלי מה — דער בורא האָט אויפגעהאַנגען די ערד אויף גאָרנישט, ד. ה. אויף געזעצן, וואָס מען קען זיי נישט באַנעמען מיט די חומרדיקע חושים.

**בריתן** — אַלטער און נײַער טעסטאַמענט.

**געהוק, הוק** — געהילך, שטאַרקער קנאַל פון קאַנאָנען.

**גרוז** — צעבראָכענע ציגל און ליים און אַנדערע חורבן־ברוכוואַרג.

**דאָם** — איינע פון די באַרימטעסטע קינסטלער־קאַפּייען פון מאָנטפּאַרנאַס, אין פּאַריז.

**הב, הב** — גיב נאָך, נאָך... פון אַ תלמודישער לעגענדע.

**האַרבסן מיט שינקען** — נאַציאָנאַל־דײַטשיש מאכל.

**וואַלענראָד** — העלד פון מיצקעוויטשעס אַ פּאָעמע. צענטראַלע סימבאָלישע פיגור פון מיצקעוויטש־דענקמאָל אין פּאַריז.

**ווערן** — אַלט־אינדישע הייליקע שריפטן.

**„זאַמעק“** — דער פּאַלאַץ פון די פּוילישע מלכים און פּרעזידענטן, דאָס וואוינאָרט פון לעצטן פּוילישן פּרעזידענט, וואָס האָט פאַרלאָזט וואַרשע תיכּף ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן...

**זאָראָאַסטראַ** — פילאָזאָף, רעליגיאָנס־לערער, ערשטער נביא פון די פּרתּים, וואָס האָט פאַר זיי אַנטדעקט דעם גלויבן אין איין גאָט, מיט אַן ערך 2500 יאָר צוריק.

**זשאַן ד׳אַרק** — גרויסע פראַנצויזישע רעליגיעזע און מיליטערישע העלדין, אַ יונג מיידל, וואָס

איז אין אַ רעליגיעזן עקסטאַז, אין זעכצנטן יאָרהונדערט, געוואָרן די פירערין פון אַ פראַנצויזישער אַרמיי און צעבראָכן אַן ענגלישע אינוואַזיע-אַרמיי, וועלכע האָט דע-מאָלט אַרײַנגעדרונגען טיף אין פראַנקרײַך. די ענגלענדער האָבן שפּעטער דאָס מיידל געכאַפּט און פאַרברענט אַלס כּישוף-מאַכערין.

**טור-אײַפל** — באַרימטער מעטאַ-לענער טורעם, דער העכסטער אין אייראָפּע, אין פּאַריז.

**לוואוור** — באַרימטער מוזיי אין פּאַריז. גרעסטע קונסט-זאַמלונג אין דער וועלט, בפרט פון אַלטע קונסט-ווערק.

**„ליבערטע, עגאַליטע, פראַ-טערניטע!"** — די דרײַ לאָזונ-גען פון דער גרויסער פראַנצויזי-שער רעוואָלוציע, וואָס איז דער פונ-דאַמענט פון דער מאָדערנער פראַנ-צויזישער געזעצגעבונג. אויפגע-שריבן אויף אַלע פּאַריזער מלוכה-בנינים: — „פרײַהייט, גלײַכהייט, ברידערלעכקייט!".

**לעזשיאָן ד'האָנויר** — ערן-לעגיאָן, אויסצייכענונג פאַר פאַר-דינסטן לטובת דער פראַנצויזישער נאַציע אויפן געביט פון קונסט, פּאָ-ליטיק א. אַ.

**מאַדעלען** — באַרימטע פראַנצוי-זישע קירכע אין גריכישן סטיל, אַ סך באַזוכט פון אויסלענדער.

**„מאַזדאַ" אַהוראַ-מאַזדאַ** — דער אַל-ליכטיקער, די פּרסישע באַ-צייכענונג פאַרן אַלערהעכסטן, אחד.

**„מלך זיגמונט"** — דענקמאָל פון פּוילישן מלך זיגמונט, אַ ייִדן-פרײַנד, וואָס שטייט אויפן וועג פון וואַרשע און פּראַגע.

**מיטן** — מיטן, לעגענדן.

**מעטר** — מייסטער, לערער, רבי.

**מעטראָ** — אונטער-ערד-באַן, סאָב-וויי.

**מעטשעט** — מוסלמאַנישער מקום קדוש.

**נאָטר-דאַם** — איינע פון די שענ-סטע קירכן אין דער וועלט. דער מוסטער פון מיטלאַלטערלעכן גאָ-טישן סטיל.

**„ניעך זשיִע!"** — זאָל לעבן! (מאַ-ניפעסטאַציע-לאָזונג).

**נירוואַנאַ** — אומקלאָרער רעלי-גיעז-פילאָזאָפישער באַגריף פון בו-דיזם, וואָס מיינט דאָס נישט זײַן פון זײַן, דער אָן...

**„סאַלאַם, סאַב, סאַלאַם!"** — גוט-מאָרגן, הער, גוט-מאָרגן!

**סאַקראַ-קער** — דאָס הייליקע האַרץ. אַ קירכע אויפן העכסטן פּלאַץ אין פּאַריז, אַ קונסט-בנין, וואָס אויסלענדער קומען באַוואונדערן.

**סאַקראַפאַגן**, אָדער סאַקראַפאַזשן — די שטיינערנע ארנות, אין וועלכע די מצרים פלעגן באַהאַלטן זייערע פאַרבאַלזאַמירטע מתים.

**סטאַזשינסקי** — וואַרשעווער שטאָט-פּרעזידענט, וואָס האָט אָרגאַ-ניזירט דעם ווידערשטאַנד קעגן היטלערן אין סעפּטעמבער 1939, ווען די גאַנצע וועלט האָט נאָך פאַר היטלערן געציטערט. אַז סטאַזשינסקי פלעגט רעדן אין ראַדיאָ צו דערמו-טיקן די וואַרשעווער באַפעלקערונג אין אויפשטאַנד, פלעגט גאַנץ וואַרשע זיך באַגיסן מיט טרערן... מען פלעגט אים רופן: דער נביא.

**סענע** — פּאַריזער שטאָט-טײַך.

**ספינקס, ספינקסן** — אַלטער-טימלעכע, מיטאָלאָגישע פיגורן: האַלב-חיה, האַלב-מענטש.

**עטראַנזשע(ר)** — אויסלענדער, גר.

**פּאַדוואַלן** — אונטערערדישע מויערן, געמויערטע קעלערן.

**פּאָלי-בערזשערע** — פּאַריזער מוזיק-האַל, וואָס שמט מיט זײַנע עקסצענטרישע אַרטיסטינס.

**פלאַגן** — פאָנען.

**פאַרווענגעלט** — פאַרוועלקט.

**פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד** — באַרימטער היסטאָרישער פּלאַץ אין פּאַריז, דער גרעסטער שטאָט-פּלאַץ איז אייראָפּע, און אפשר אין דער

וועלט. רײַך אין פראַנצויזישע מיטל־אַלטערלעכע סקולפּטורן און קונסט־בנינים. אין צענטר — אַ הויכער, ווײַסער גראַניטענער זײַל, באַקריצט מיט אַלט־עגיפּטישע צייכנס, הירראָגליפן: **דער אָבעליסק**, וואָס נאַפּאָלעאָנס אַרמיי האָט געהאַט אין זינען צו שלעפּן מיט זיך אַזש פון עגיפּטן. דער דיכטער־פּליכטלינג זינגט דעריבער: „איך בין אַ בלאָנדזשענדיקער אָבעליסק אויף פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד".

**פּאַריאַס** — נידעריקסטע קאַסטע אין אינדיע, קנעכט.

**פּענק** — אַ דיק בינטל.

**פּראָכנע** — דורכגעפּוילט־האָלץ, האָלץ־מעל.

**פראָנט־פּאָפּולער** — פאָלקס־פראָנט, פאַראייניקונג פון די לינקע פּאַרטייען אין פראַנקרײַך, אונטער דער אָנפירונג פון לעאָן בלום.

**סקריבן** — אַלט־מצרישע שרײַבער, פאַראייביקט אין סקולפּטורן פון באַזאַלט.

**„פּרעטש!"** — נידער! אַוועק מיט אים! (מאַניפעסטאַציע־לאָזונג).

**פּרעפעקטור** — פּאַריזער פּאָליצײ־קאָמענדאַנטור.

**„פּשעפּראַשאַם"** — זײַ מוחל, איך בעט דיך איבער. אין ייִדיש — אַ חוזק־וואָרט, ווען מען בעט עמיצן איבער אויף אַן אָנשטעל, און אין האַרצן וויל מען אים נאָך אַמאָל אָפּטון דאָס רשעות.

**קאָלבע** — פאַרקערטע זײַט פון ביקס, פּריקלאַד, ביקס־הענטל.

**קאָשאַרן** — קאַזאַרמעס, געמיינזאַמע זעלנער־וואוינונגען.

**קולי** — דער נידעריקסטער געזעלשאַפטלעכער קלאַס אין אינדיע און אין כינע, קנעכט.

**קוליע** — אַ קויל פון אַ ביקס.

**קופּאָל** — גרעסטע קינסטלער־קאַפע אין דער וועלט, אויף מאָנפּאַרנאַס, אין פּאַריז.

**קערי** — אינדיש נאַציאָנאַל מאכל — אַ געקעכץ פון אַרבעס מיט פעפער, העלפט אויף העלפט. אַן אייראָפּייער קען דעם פײַערדיקן פעפער נישט פאַרדייען. אַ אינדוס עסט עס אָבער מיט שטאַרקער תאווה.

**קראָמעסלעס** — הילצענע שטאַנגען צו טראָגן וואַסער.

**„קרעוו נאַשאָן דלוגאָ לעיאָן קאַטי, נאַדיעדזשיע יעדען דזשיען זאַפּלאַטי"** — די ערשטע שורות פון באַרימטן פּוילישן רעוואָלוציאָנערן ליד. זע: זײַט 182.

**רוך** — באַוועגונג.

**„רויט־אַרמייאיש"** — די טעמע און צוויי שורות פון דעם ליד (זײַט 77 פון אונטן אַרויף) זײַנען גענומען פון אוקראַינישן דיכטער יאָאַן ניעכאָדאַ. איך דערמאָן זײַן נאָמען מיט דאַנק. ווער ווייסט צי ער לעבט נאָך? איך ספק נישט אין דער היסטאָרישער אויטענטישקייט. איך גיב איבער די בילדער, ווי איך האָב געזען אוקראַינע אין סעפּטעמבער 1939.

**רידעל** — גראָב־אײַזן, לאָפּעטע.

**רידעראָזיע** — אַ באַרימט ייִדיש געסל אין פּאַריזער געטאָ. אויך היסטאָריש באַרימט מיט איר שטאַרקן פאַרטיידיקונגס־קאַמף אין דער צײַט פון דער פּאַריזער קאָמונע, 1871. אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען: רויזעלעס געסל.

**שאַח** — קיניג. (דאָס ליד איז געשריבן איידער דער אַלטער שאַח אין פּערסיע איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן דורך די עלאַיס, אין 1942.)

**שערי** — ליבסטע, טײַערסטע, דאַרלינג.

**שטולקיוטס־טורעם** — אַ הענג־גאָרטן בית־עולם אין באָמביי, אינדיע, וואו מען גיט איבער, לויטן אַלטן פּרתישן מנהג, די גופים פון די מתים פאַר אַ מאכל צו די ווילדע פייגל און חיות. דער הימל איז אין יענער געגנט תמיד באַדעקט מיט שוואַרצע, שרײַענדיקע רויב־פייגל, וואָס קומען זוכן מתים־פלייש.

**שטיק** — באַגנעט, באַיאָנעט.

**„שפּײַער"** — רעוואָלווער אויפן קאָנספּיראַטיוון לשון אין די צייטן פון ייִדישן זעלבסט־שוץ אין די יאָרן 1904—1907, אין רוסלאַנד.

# אינהאַלט: